ווייסרוסישע וויסנשאפט־אקאדעמיע
אינסטיטוט פאר יידישער פראָלעטארישער קולטור

# לינגוויסטישע זאמלונג

I

מינסק — 1933

כ. האָלמשטאָק

# איי̆ניקע פּראָבלעמעס פון לעקסיקאָגראַפיע

(אין פאַרבינדונג מיט דער פראַגע וועגן א ייִדישן אויסטיי̆טש-ווערטערבוך)

1

לעקסיק איז פון אלע עלעמענטן פון שפּראַך עפּשער דער פילבארסטער און דעריבער דער ערשטער, אף וואָסערן עס האָט זיך אָפּגערופן די ווירקונג פון דער רעוואָליוציע. די אָקטיאבער-רעוואָליוציע און בירגער-קריג, די סאָציאַ-ליסטישע בויונג, די גראַנדיעזע דערפאָלגן פון דער קולטור-רעוואָליוציע, — דאָס אלץ האָט אריי̆נגעבראַכט א שלאַל ניי̆ע באגריפן, וואָס די שפּראַך מוז געבן זיי אַן אויסדרוק. מיט יעדער טאָג ווערט אלץ גרעסער און ברייטער דער קריי̆ז פון מיליאָנען און מיליאָנען ארבעטער און ארבעטנדיקע, וואָס ווערן אריי̆נגע-צויגן אין אקטיוון געזעלשאַפטלעך-פּאָליטישן און קולטורעל-וויסנשאַפטלעכן לעבן. פּאָליטישע, וויסנשאַפטלעכע באַגריפן, טעכנישע טערמינעס ווערן אלץ מער און מער דאָס אייגנטום פון די ברייטסטע שיכטן ארבעטער און ארבעטנ-דיקע, גייען אריי̆ן אין לעבנשטייגער, אין דער טאָגטעגלעכער אומגאַנג-שפּראַך. דאָס אלץ פירט צו א גאַנצער איבערקערעניש אין דעם לעקסישן באַשטאַנד פון דער שפּראַך. פרעמד־שפּראַכיקע עלעמענטן, אינטערנאציאָנאַליזמען, דיאַלעקטיזמען, פּראָווינציאַליזמען דרינגען אריי̆ן מאַסנוויי̆ז אין דער אלגעמיינער שפּראַך, עס קומען צו אינגאַנצן ניי̆ע ווערטער, אַלטע פאַלן אָפּ אָדער ענדערן זייער באַטיי̆ט, עס קומען צו ניי̆ע שאַטירונגען, ניואַנסן אין דעם באַטיי̆ט פון ווערטער, האַסטי־קער און שאַרפער קומט פאָר די דיפערענצירונג פון סינאָנימען, שאַרפער, בוי־לעטער ווערט די עקספּרעסיווקיי̆ט פון וואָרט, זיי̆ן סאָציאַלע פּאַרשפּיצטקיי̆ט. פון דער אַנדער זיי̆ט, קומט אויך פאָר א פּראָצעס פון פאַרשאַבלאָניזירן געוויסע ווערטער און אויסדרוקן, פאַרוואַנדלען זיי אין ווייניק אויסדריקלעכע שטאַמפּן א. א. וו. א. ד. גל. אָט דער זייער קאָמפּליצירטער פּראָצעס פון באַניי̆ונג און באריי̆כערונג פון דער לעקסיק איז א טייל פון דעם אלגעמיינעם פּראָצעס פון קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט פאַר העגעמאָניע אין דער ליטעראַטור-שפּראַך, פון זיי̆ן קאַמף פאַר דער אויסבילדונג פון א ניי̆ער, פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור־שפּראַך. אין די באַדינגונגען פון ייִדיש איז דער דאָזיקער פּראָצעס נאָך מער קאָמפּליצירט. דאָ איז די באַווירקונג פון אַנדערע שפּראַכן נאָך שטאַרקער, די ייִדישע שפּראַך גופע, ווי א שפּראַך פון א פריִער אונטערגעדריקטער נאַצ-מינדערהיי̆ט, האָט דורכצומאַכן איר אַנטוויקלונג מיט האַסטיקערע טעמפּן, כדיי צו דערגרייכן אַזא ניוואָ, וואָס זאָל קענען באַפרידיקן די אויסגעוואַקסענע ניי̆ע באַדערפענישן פאַר סאָציאַליסטישער בויונג און קולטור-רעוואָליוציע. די אופ-

גאבעס פון שפּראַך־קולטור ווערן דאָ נאָך מער וויכטיק, נאָך מער פאַראַנט־
וואָרטלעך.

אין די באַדינגונגען פון דער ייִדישער שפּראַך, וואָס איז געקומען צו דער
אָקטיאַבער-רעוואָליוציע מיט א לעפּיערעך גאַנץ אָרעמען באַגאַזש פון ליטעראַ-
טור-שפּראַך און מיט גאָר א נישטיקן באַגאַזש פון וויסנשאַפטלעכער באַאַרבעטונג
פון דער שפּראַך, איז די גאַנצע קאָלאָסאַלע לאַסט פון ב א ו ו ס ט ז י נ י ק ן שאַפן
די נײַע לעקסיק געפאַלן דעריקער אויף דער פּרעסע, טייל וויַז אויף דער שול.
און אויב מיר האָבן בא היינטיקן טאָג אַזעלכע גרויסע דערגרייכונגען אין דעם
פּראַט, איז דאָס דער פאַרדינסט הויפּטזאַכלעך און אין דער גרעסטער מאָס פון
דער סאָוועטישער ייִדישער פּרעסע און ליטעראַטור. אָבער די רעדאַקציע פון
א צײַטונג א י ז ניט און קען ניט פ א ר ו ו א נ ד ל ט ווערן אין א לאַבאָראַטאָריע,
זאָל זײַן אפילו א שפּראַך-לאַבאָראַטאָריע. און אונדזער וויסנשאַפטלעכע פאָר-
שונג איז דאָ נאָך אַדהאַיעם ניט געקומען צו הילף. עס איז דעריבער גאָר קיין
וווּנדער ניט, וואָס אַזוי אָפט האָבן מיר דאָ בלאָנדזשעניש, פאַרדריסלעכע
ליאַפּסוסן א. ד. גל. דער צײַטונג-טוער, דער איבערזעצער האָט מערסטנס קיין
צײַט ניט צו פאַרנעמען זיך מיט גענויעם באַטראַכטן דעם באַטײַט פון א וואָרטן
אַרײַנלאָזן זיך אין סעמאַנטישע נאָכפאָרשונגען, און קיין האַנטבוך, וואָס זאָל
אים דאָ קומען צו הילף איז ניטאָ. דעריבער איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אז בא
אַזעלכע באַדינגונגען קריגט דער באַגריף גאַנץ אָפט ניט קיין אַדעקוואַטן וואָרט-
אויסדרוק. וואָרעם אפילו בא א געניטן און קוואַליפיצירטן שרײַבער, איבער-
זעצער א. א. וו. קומט ניט שטענדיק אויפן זיכּאָרן אַלע מעגלעכע סינאָנימישע
אויסדרוקן פאַרן באַגריף, ער זאָל קענען אויסקלײַבן אויף דער הייסער מינוט
דעם פּאַסיקסטן. דערצו דאַרף מען נאָך נעמען אין באַטראַכט, אז אין אונדזער
צײַט פון פאַרשאַרפטן קלאַסנקאַמף, פון ראַשיקן וווּקס און אַנטוויקלונג
פון אונדזער גאַנצן קולטור־לעבן, ווערט די פּאָטענציעלע רײַכקײַט און
פילזײַטיקײַט פון וואָרט אַקטיוויזירט און אַרויסגעבראַכט אין דער העלקײַט
פון אונדזער שפּראַך־באַוווסטזײַן מיט א געוואַלדיקער האַסטיקײַט; א געוויסע
שאַטירונג אין דעם באַטײַט פון וואָרט, וואָס ערשט נעכטן האָבן מיר זי נאָך
עפּשער גאָר ניט געפילט, קומט הײַנט אַרויס — אונטער דער ווירקונג פון
א נײַער סאָציאַל-פּאָליטישער סיטואַציע, אין די באַדינגונגען פון א נײַעם
קאָנטעקסט — מיט אַזאַ שאַרפקײַט, אז מיר מוזן רעווידירן אָפט אונדזער גאַנצע
ביז־איצטיקע באַציִונג צו דעם וואָרט, אײַנגאַנצן ענדערן זײַן אָנווענדונג אָדער
אָנווענדן אים מיט פיל מער פּאָרזיכטיקײַט. און ווי זײַנען אונדזערע לעקסיקאָ-
לאָגישע פאָרשונגען, ווערטערביכער, האַנטביכער, וואָס זאָלן די דאָזיקע אַלע
דערשײַנונגען, פּראָצעסן אויספאָרשן, רעגיסטרירן, אויפקלערן? ווען מע נעמט
נאָך אין באַטראַכט, אז אונדזער קולטור איז א מאַסן־קולטור, און פ א ר די
מאַסן און, וואָס נאָך וויכטיקער, געשאַפן פון די מאַסן (געווג צו דערמאָנען
די מעכטיקע אַרבקאָרן באַוועגונג, די באַוועגונג פון שלאָגלער אין דער ליטע-
ראַטור א. ד. גל.), איז דאָך קלאָר, אז גאַנץ אָפט האָבן מיר צו טאָן מיט א נאָך
ניט געניטן שרײַבער מיט א ניט גענוגנדיקן ניוואָ פון שפּראַך־קולטור. דאַן
דאַרף נאָך קלאָרער ווערן די וויכטיקײַט פון דער אויפגאַבע צו שאַפן די נייטיקע
הילף־מיטלען אויף צו הייבן די שפּראַך־קולטור פון אונדזערע מאַסן. אין געביט

פון לעקסיק מיינט עס — געבן טעאָרעטישע לעקסיקאָלאָגישע פאָרשונגען און פראַקטישע האַנטביכער, ד. ה. פאַרשיידענע מינים ווערטערביכער.

## 2

ווערטערביכער, לויט דעם ווי זיי דערקלערן דעם באַטײַט פון וואָרט, קען מען איַינטײַלן אויף צוויי מינים: 1) איבערזעצונג־וו״ב און 2) אויסטײַטש־וו״ב. אין איבערזעצונג-וו״ב גיט די ווערטער פון א שפּראַך, פאַרטײַטשט, איבערגע-זעצט אויף איינער אָדער מער אנדערע שפּראַכן; אין אויסטײַטש-וו״ב (רוסיש — „טאָלקאָווי סלאָוואַר״) טײַטשט אויס די ווערטער פון דער שפּראַך אין דער זעלביקער שפּראַך. אין רוסיש זײַנען אַזעלכע: דאַלס, דער רוסישער אַקאַדעמי-שער (ניט פאַרענדיקט), א נײַעם אַזאַ גרייט איצט צום אַרויסגעבן דער וו״ב־ און ענציקלאָפּעדיע-אָפּטייל פון מעלוכע פאַרלאַג אין מאָסקווע. אין געביט פון יידיש איז פאַר אונדז פון איבערזעצונג־וו״ב איצט אַמוויכטיקסטן צו האָבן א יידיש-רוסישן און רוסיש־יידישן וו״ב, און ווערטערביכער פון יידיש מיט ווײַסרוסיש און אוקראַיִניש. א יידיש-רוסישן און רוסיש־יידישן וו״ב גרייט דער פריִער דערמאָנטער פאַרלאַג אין מאָסקווע. א קליינעם יידיש ווײַסרוסישן וו״ב האָט ניט לאַנג אַרויסגעגעבן דער יידסעקטאָר פון דער ווײַסרוסישער וויסנש. אַקאַד. מיט אן אוקראַיִניש-יידישן האָט זיך לעצטנס פאַרנומען דער קיִעווער אינסטיטוט פאַר ייד. פּראָלעטאַרישער קולטור.

ניט פאַרמינערנדיק אויף א האָר די גרויסע באַדײַטונג פון די דערמאָנטע ווערטערביכער באַם איצטיקן מאָמענט, מוזן מיר אָבער דאָ אופמערקזאַם מאַכן אויף אייניקע דערשײַנונגען, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט דער אַרבעט איבער די דאָ-זיקע און אויך אנדערע וו״ביכער, און מיט דעם כאַראַקטער זייערן. באַ דעם איצטיקן צושטאַנד פון דער לעקסיקאָלאָגישער פאָרשונג אין יידיש מוזן זיי אַלע ליַידן אויף אן אומפאַרמײַדלעכן כיסאָרן—דאָס איז צופעליקײַט. צופעלי-קײַט אין דעם אָפּקלײַב פון די ווערטער—דעם וואָקאַבולאַר און, נאָך וואָס וויכטי-קער איז, צופעליקײַט אינעם אויסטײַטשן די ווערטער. די איבערזעצונג ווערט געמאַכט לויט די באַטײַטן פון דעם וואָרט, וואָס דער אווטאָר האָט דערמאָנט זיך אָדער דערוווּסט זיך באַם אַרבעטן איבערן געגעבענעם וואָרט, וואָרעם קיין פריִער אָנגעזאַמלטע גרעסערע וו״ב-קאַרטאָטעקע האָט דער אווטאָר פונעם וו״ב געוויינטלעך ניט צו זײַן הילף. פאַרשטייט זיך, אַז וועגן א מער אָדער ווייני-קער אויסשעפּנדיקן אויסטײַטש פון דעם וואָרט קען דאָ קיין רייד ניט זײַן, דאָס איז אינגאַנצן אָפּהענגיק פון די סוביעקטיווע אייגנשאַפטן פונעם אווטאָר און פון צופאַל. ווען עס קומט אויס צו אַרבעטן אויף א וו״ב, לעמאָשל, פון רוסיש מיט אן אנדער שפּראַך, קען מען דערבײַ ניט אויסקומען אָן א רוסישן אויס-טײַטש-וו״ב. דאָס איז נאַטירלעך און פאַרשטענדלעך. באַ א וו״ב פון יידיש מיט אן אנדער שפּראַך איז דאָס ניט מעגלעך אויסצופירן. איז איינס אוועק-צווייטנס, דאַרף מען נעמען אין באַטראַכט נאָך אן אייגנשאַפט פון אן איבער-זעץ־וו״ב: די אופגאַבע פון אַזאַ וו״ב איז דאָך ניט מער ווי צו געבן א מער אָדער ווייניקער אַדעקוואַטן עקוויוואַלענט פון דעם וואָרט פון איין שפּראַך אויף דער אנדער שפּראַך. ברייטער אופקלערן דעם באַטײַט פון א וואָרט קומט אויס נאָר אין די פאַלן, ווען אויף דער איבערזעצונג־שפּראַך איז ניט צו געפינען קיין מער אָדער ווייניקער נאָענטן אָדער ענלעכן וואָרט אָדער אויסדרוק. הייסט עס,

אז אינגאנצן צופרידנשטעלן די צילן פון שפראך-קולטור קען אזא וו״ב נאָר דאן, ווען דער וואָס ניצט אים האָט גאנץ טיפע ידיעות אין ביידע אנטשפרע-כיקע שפראכן. אויב אין א ווערטערבוך וועט, לעמאָשל, דאָס רוסישע וואָרט „סאָגלאשעניע״ פארטײַטשט ווערן: פשאָרע, האנאָכע, פארשטענדיקונג, צוזאמענ-שטימונג א. א. וו., איז אויב דער וואָס ניצט דעם ווערטערבוך פארמאָגט ניט קיין גענוגנדיקע קלאָרקײַט וועגן די אונטערשיידן פון די געבראכטע ווערטער (און זיי זײַנען אָפט אי זייער איידעלע, אי גאָר וויכטיקע), וועט אים דער וו״ב ברענגען גאנץ קנאפע נוצן. דאָס זעלביקע וועט אויך זײַן אין דעם יידיש-רוסישן וו״ב, ווען דער לייענער וועט צווישן די איבערזעצונגען פון יעדערן פון די דערמאָנטע יידישע ווערטער געפינען צווישן אנדערע יעדער מאָל אויך דאָס וואָרט „סאָגלאשעניע״ (שוין ניט ריידנדיק, וואָס ס׳איז א סאָפעק, צי וועט ער עס גאָר יעדער מאָל געפינען, בא די באדינגונגען פון צוגרייטן א וו״ב, וואָס מיר האָבן שוין דערמאָנט). עמעס, אין א גרויסער מאָס העלפט דאָ אָרויס דער פראזעאָלאָגישער מאטעריאל, וואָס ווערט געוויינטלעך געבראכט אין וו״ב. אָבער, ערשטנס, שפילט דער דאָזיקער מאטעריאל די ראָלע פון איליוסטראציעס, און איליוסטראציע קען מערסטנס ניט פארבײַטן קיין דערקלערונג; צווייטנס, דארף מען דאָך זײַן געניט באהאוונט אין ביידע שפראכן, קעדיי אין דעם איליוסטראטיוון מאטעריאל גופע ווי געהעריק פאנאנדערצוקלײַבן זיך.

דאָס אלץ, וואָס מיר האָבן דאָ געזאָגט, איז שײַעך צו די פאלן פון ניצן א וו״ב, ווען עס קומט אויס איבערצוזעצן. אונדזער שפראך-באנוץ איז דאָך אָבער ניט באגרענעצט מיט איבערזעצן אליין. פארקערט, מערסטנט קומט דאָך אויס צו האָבן צו טאָן דירעקט מיט דער מוטערשפראך (לייענען, שאפן, דענקען), און דאן איז, פארשטייט זיך, אן איבערזעץ-וו״ב שוין גאָר א קנאפער הילפמיטל.

מע וואָלט געקענט ברענגען נאָך ארגומענטן וועגן דער וויכטיקײַט צו האָבן א סאָלידן יידישן אויסטײַטש-וו״ב, וואָס פאר א ראָלע ער דארף שפילן פאר דער שול, לעמאָשל, און אנד. איך רעכן אָבער, אז מע קען זיך דערווײַל בא-גוגענען מיטן שוין געזאָגטן [1] און אריבערגיין צום וויכטיקסטן, צו דער פראגע — וואָס פאר א כאראקטער דארף האָבן אונדזערער אן אויסטײַטש-וו״ב. וואָרעם אז אונדזערער א סאָוועטישער וו״ב, געשאפן אין צײַט פון סאָציאליסטישער בויונג אין די באדינגונגען פון פארשארפטן קלאסנקאמף, אין א צײַט פון אי-בערשאצן אידעאָלאָגישע ווערטן און איבערלײַטערן זיי אין דעם פײַער

[1] אין דעם 20־טן „לעניניש זאמלבוך״ ווערט געבראכט כ׳ לענינס קאָרעספאָנדענץ מיט די טוער פון פאָלקאָמבילד וועגן שאפן א רוסישן אויסטײַטש-ווערטערבוך. עס ווײַזט זיך ארויס, אז די גאנצע פראגע איז אופגעהויבן געוואָרן לויט דעם כ׳ לענינס איניציאטיוו. ווי עס איז קענטיק, האָט דער כ׳ לענין די אונטערנעמונג געהאלטן פאר זייער וויכטיק, וואָרעם ער האָט קעסיידער באמבאר-דירט מיט צעטעלעך און בריוו די טוער פון פאָלקאָמבילד וועגן דעם דאָזיקן איניען, האָט זיך אינטע-רעסירט מיט דער גאנצער אָרגאניזאציאָנעלער זײַט פון דער זאך און געגעבן וויכטיקע אָנווײַזונגען וועגן דעם כאראקטער פונעם געפלאנטן ווערטערבוך. אָט וואָס ער שרײַבט אין א בריוועלע פונעם 19־טן מײַ 1921:

„די אופגאבע איז — א קורצער (א מוסטער דער קליינער לארוס) ווערטערבוך פון דער רוסישער שפראך (פון פושקינען ביז גאָרקי). פון דער מוסטערהאפטער, הײַנטצײַטיקער. לויט דער נײַער אָרטאָגראפיע״ („לענינישער זאמלבוך״ 20, ז. 316).

מע האָט דאן אָנגענומען מיטלען צו פארווירקלעכן דעם דאָזיקן פלאן. מע האָט אָרגאניזירט א גרופע שפראך־טוער, וואָס האָבן זיך ענערגיש גענומען פאר דער ארבעט. ווי עס האָט מיר דער-

פון מאַרקסיסטיש-לענינישער מעטאָדאָלאָגיע, מוז זיך אונטערשיידן פון די ביז־
איצטיקע ווערטערביכער, — דאָס מוז זײַן קלאָר פון אָנהייב אָן.

3

אין דער בורזשואזער וויסנשאַפט הערשט, געוויינטלעך, די מיינונג אַז
אַ הײַנטצײַטיקער „אָנשטענדיקער" ווי"ב דאַרף זײַן „אָביעקטיוו", „נייטראַל",
זײַן אויפגאַבע איז—רעגיסטרירן דאָס, וואָס איז דאָ אין דער שפּראַך, און „ריכ-
טיק", ווי ווײַט מעגלעך אַלזײַטיק פאַרטײַטשן עס—Collection, not selection,
ד. ה. אויפזאַמלען, ניט אויסקלײַבן (קאָלעקציאָנירן, ניט סעלעקציאָנירן), ווער־
רעדט שוין — אָפּשאַצן. צי איז דאָס אָבער טאַקע אַזוי אין דער ווירקלעכ־
קײַט? שוין די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט דער געשיכטע און דעם כאַראַק-
טער פון ווערטערביכער אויף פאַרשיידענע שפּראַכן ווײַזט אונדז וואָס פאַר
אַ מאַמאָשעס עס האָבן די אַלע רייד וועגן „נייטראַלקײַט" „אָביעקטיוויזם".
ווערטערביכער האָבן אַלעמאָל אויף זיך געטראָגן אַ בולעטן סאָציאַל-קלאַסאָוון
שטעמפּל, און אַזוי איז דאָס אויך איצט. ווערטערביכער האָבן געהאַט אויסגע־
שפּראָכענע פּאָליטישע צילן פון קלאַסן־קאַמף און קלאַסן-הערשאַפט, אַרום
ווערטערביכער האָט זיך, ווי אויף אַלע באַצירקן פון דער וויסנשאַפט, געפירט
אַ קלאַסנקאַמף. אייניקע בײַשפּילן צו אילוסטרירן עס.

אָנהייב 17־טן יאָרה. איז אַרויס דער באַרימטער איטאַליענישער „קרוסקאַ"-
ווי"ב, אַרויסגעגעבן פון דער „קרוסקאַ"-אַקאַדעמיע אין פלאָרענץ. ער איז שפּע-
טער פיל מאָל איבערגעאַרבעט געוואָרן און אַרויס אין אַלץ נײַע אויפלאַגעס
און איז אין מעשך פון יאָרהונדערטן ניט איבערגעשטיגן געוואָרן. וועגן דער גע־
שיכטע פון זײַן אויפקום דערציילט מיט אַן עפּישער רויִקײַט לאַרוס[1]:
„...אָבער אַן עמעסער ווי"ב פון דער פאָלקס-שפּראַך האָט נאָך אַלץ געפעלט,
און געבראַכט צו אַזאַ ווי"ב האָט ניט די באַדערפעניש אין פּאָליטישער אייני-
קײַט (sic!), ניט קיין ליטעראַרישע נויטווענדיקײַט, נאָר אַ קאָנקורענץ־שטײַ-
ערונג (rivalité) צווישן שטעט און דער פּאַרטיי-גײַסט, וואָס האָט צע־
טיילט די פאַרשיידענע איטאַליענישע פּראָווינציעס. די מיינונג פון פיל פלאָ-
רענטינער איז געווען, אַז מע קען ניטריידן אָדער שרײַבן עלעגאַנט איטאַ-
ליעניש, ווו מע איז ניט קיין געבוירענער אין טאָסקאַנע, ווו די בינען טראָגן
האָניק אויף די ליפּן פון די קינדער ווי אַמאָל בײַ פּלאַטאָנען". דאַרף זיך גראָד
מאַכן, אַז צו דער זעלביקער צײַט האָט מען אין פּאַדוע אין אַ ביבליאָטעק צו-
פעליק געפונען דאַנטעס בוך „וועגן דער פאָלקס-שפּראַך" (דע וווּלגאַרי עלאָ־
קווענציאַ), ווו דער גרויסער פלאָרענטינער זאָל זיך האַלטן בײַ דער מיינונג,
אַז דאָס ריינע איטאַליעניש איז געווען געמיינשאַפטלעך פאַר אַלע טיילן פונעם
האַלב-אינדזל. עס האָט אויפגעלעבט די אַלטע פראַגע וועגן אַ געמיינשאַפטלע-

ציילט (אין נאָיאַבער 1931) איינער פון די דאָזיקע שפּראַך-טוער, פלעגט מען פּינקטלעך יעדער כוי־
דעש פון סעקרעטאַריאַט פון פאָלקאָמראַט אָנפרעגן זיך דורכן טעלעפאָן אין פאָלקאָמבילד, ווי גייט
די אַרבעט איבערן ווערטערבוך. אַזוי שטאַרק איז געווען דעם כ׳ לעניגס פאַרינטערעסירטקײַט אין
דעם, ווי עס ווערט פאַרווירקלעכט די דאָזיקע אונטערנעמונג. אַזוי איז עס געווען ביז דער כ׳ לעניג
איז קראַנק געוואָרן. נאָך זײַן טויט איז די אַרבעט איבערן ווערטערבוך אויף אייניקע יאָר אָפּגע-
שטעלט געוואָרן.

[1] Pierre Larousse — Grand Dictionnaire Universel du XIX Siècle. T. 1. Préface, p. LIX. Paris, 1865.

כער שפּראַך פאר גאַנץ איטאַליע, וואָס דער טאָסקאַנער דיאַלעקט, איינציק און
אליין, זאָל עס האָבן אופגעהיט איר ריכטיקע טראַדיציע. „די טאָסקאַנער האָבן
מיט היץ אונטערגעהאַלטן די היפּאָטעזע, וואָס איז אַזוי גינסטיק געווען פאר
זייערע פּרעטענזיעס, און, קעדיי צו פארגעזעצלעכן זייער דיקטאַטור, האָט די
קרוסקא-אקאַדעמיע אין פלאָרענץ אָנגענומען א פּלאַן צו פארעפנטלעכן א ווער-
טערבוך"... ..."די אקאַדעמיקער, זעצט פאָר דער אווטאָר, האָבן זיך אָנגעכאַפּט
אָן דער געלעגנהייט, וואָס עס האָט זיי געגעבן דער שטרייט צווישן די שטעט;
מע האָט זיך פאר דעם וו"ב גענומען און די ערשטע אופלאַגע איז דערשינען
אין 1612. אָבער אַן ארבעט, וואָס איז אויסגעפּילט געוואָרן אין מיטן פון
אזעלכע שטרייטן, האָט אופגעהויבן קעגן זיך אַסאַך אומצופרידנקייטן. די
קרוסקא-אקאַדעמיקער האָבן פּרעטענדירט צו איינשטעלן א קאָדעקס פון דער
איטאַליענישער שפּראַך; די ווערטער, וואָס זיי האָבן אָנגענומען, האָבן גע-
דאַרפט זיין די איינציקע געזעצלעכע; די ווערטער, וואָס זיי האָבן ניט דער-
לאָזן, האָבן געדאַרפט זיין אויסגעשלאָסן. אין רעזולטאַט, האָט א גרויסע צאָל
מענטשן מיטן גייסט פון קינע און קריטיק זיך גענומען צו טשעפּן זיך צו דעם
נייעם וו"ב. מע האָט פארצייכנט ניט פּינקטלעכע דעפיניציעס, מע האָט אויס
געפונען טאָעסן, באַמערקט בלויזן"...

שוין אביסעלע צו פאָשעט פּרווט דאָ לארוס פאָרשטעלן די זאַך: פּראָ-
ווינצן אין איטאַליע האָבן זיך צווישן זיך געריסן, האָבן די פלאָרענטינער אקא-
דעמיקער זיך „אָנגעכאַפּט אָן דער געלעגנהייט", קעדיי אָנצובינדן זייער איי-
גענעם טאָסקאַנער דיאַלעקט פאר דער הערשנדיקער ליטעראַטור-שפּראַך אין
גאַנץ איטאַליע, און די קאָנקורענטן, פון זייער זייט, האָבן מעקאַנע געווען און זיך
געטשעפּעט צו די קרוסקא־אקאַדעמיקער, געזוכט צו געפינען פעלערן אין זייער וו"ב.
עס קומט אויס, אַז אין דעם קאַמף פאר הערשאַפט אין דער ליטעראַטור־שפּראַך איז
דער שטרייט צווישן די שטעט געווען נאָר א צוטשעפּעניש, און אָט דער שטרייט
גופע איז אפּאָנעם אויך געווען ניט מער ווי א ספּאָרט־זאַך. אין משך פון
יאָרהונדערטן קומט פאָר אָט די מערקווירדיקע דערשיינונג, דער שפּראַך-קאַמף
באַלייט קעסיידער דעם שטרייט צווישן די שטעט, און דאָס אַלץ זאָל זיין ניט
מער ווי א... קינאַס-סאָפרים. שוין סאָף 13-טן —אָנהייב 14־טן יאָרהונדערט, ווען
די רייכע פלאָרענטינער האַנדל־בורזשואַזיע שפּרייט אויס איר ווירקונג איבערן
גאַנצן לאַנד, שוין דאַן ווערט אפן גרונט פונעם טאָסקאַנער, ספּעציעל דעם
פלאָרענטינער, דיאַלעקט געשאַפן די איטאַליענישע ליטעראַטור-שפּראַך. דאָס איז
די שפּראַך טאַקע פון אָט דעם אויבערשטן שיכט האַנדל־בורזשואַזיע, קולטי-
ווירט דורך אירע אידעאָלאָגן, אין פעריאָד פון פריען רענעסאַנס, און נאָכדעם
דורך דער הומאַניסטישער אינטעליגענץ, וואָס באַדינט זי. די דאָזיקע רייכע
פלאָרענטינער האַנדל-בורזשואַזיע איז, צוליב דער פארשפּרייטונג פון איר עקאָ-
נאָמישער און אויך פּאָליטישער העגעמאָניע איבערן לאַנד, פארשטייט זיך, געווען
זייער שטאַרק פארינטערעסירט אין אָט דער אויסבילדונג פון אַן איינהייטלעכער
שפּראַך פאר גאַנץ איטאַליע, און טאַקע אפן גרונט פון איר אייגענעם דיאַ-
לעקט. דאָס געלינגט איר אף אַזוי פיל, אַז שרייבער פון אַנדערע פּראָווינצן
מוזן זייער שפּראַך „טאָסקאַניזירן", אַזוי גרויס איז די ווירקונג פון דער טאָס-
קאַנער קולטור; דער מוסטער, וואָס אַלע שרייבער האָבן שטענדיק פאר זיך
און וואָס קען קיינמאָל ניט איבערגעשטיגן ווערן, דאָס זיינען די אידעאָלאָגן

פֿון דער אופֿקומענדיקער, בליִענדיקער האנדל-בורזשואזיע, די גרונטלייגער פֿון
דער ליטעראַטור־שפּראַך, די דרײַ גרויסע פֿלאָרענטינער — דאַנטע, פּעטראַרקאַ,
באָקאַטשאָ. אָבער פֿון סאָף 15-טן יאָרהונדערט אָן הייבט אָן אונטערגיין דער
גלאַנץ פֿון פֿלאָרענץ. עס קומען אויף נײַע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע צענטערס
אין נעאַפּאָל, לאָמבאַרדיע, פֿעראַראַ און אַז. וו., וואָס שטײַגן אַריבער די פֿרי-
ערדיקע פֿלאָרענץ. עס ווערן דאָרט געשאַפֿן נײַע קולטור-צענטערס, ווו עס צע-
בליט זיך די ליטעראַטור און קונסט. פֿלאָרענץ ווערט אַלץ מער און מער אָפּ-
געדריקט אין שאָטן, סײַ אין געביט פֿון עקאָנאָמיק, סײַ אין געביט פֿון קולטור.
אין דעם קאַמף צווישן די פּראָווינצן, צווישן דער בורזשואַזיע און דער הויִ-
פֿישער אַריסטאָקראַטיע, פֿאַר עקאָנאָמישער און פּאָליטישער העגעמאָניע שפּילט
די שפּראַך-פֿראַגע גאָר אַ היפּשע ראָלע. אין דער ערשטער העלפֿט 16-טן יאָר-
הונדערט מערקן זיך דאָ אָן אייניקע ריכטונגען, וואָס שפּיגלען אָפּ גאַנץ בולי-
לעט די פּאָליטישע טענדענצן, וואָס האָבן זיי געשפּײַזט. מאַקיאַוועלי שטייט
שטאָל און אײַזן פֿאַרן טאָסקאַנער דיאַלעקט, דער לעבעדיקער פֿלאָרענטינער
שפּראַך; גראַף קאַסטיליאָנע פֿאַרטיידיקט די הויפֿישע שפּראַך פֿון דער אַריס-
טאָקראַטיע, דערבײַ דערקלערט ער, אַז אַזוי ווי ער איז אַ לאָמבאַרדער, וועט
ער אויך ווײַטער ניט שעמען זיך צו שרײַבן לאָמבאַרדיש; קאַרדינאַל בעמבאָ
פֿאַרטיידיקט אין טאָך די זעלביקע הויפֿיש-אַריסטאָקראַטישע שפּראַך, נאָר ער
האַלט, אַז דער מוסטער פֿאַר אָט דער שפּראַך זײַנען די פֿלאָרענטינער דאַנטע,
באָקאַטשאָ און דערהויפּט פּעטראַרקאַ, כאָטש די לעבעדיקע שפּראַך פֿון די
פֿלאָרענטינער איז פֿאַר די אָנדערהאַלבן הונדערט יאָר, נאַטירלעך, שוין היפּש-
לעך אַוועק פֿון אָט די קלאַסישע מוסטערן. בײַ דעם איבערגעפֿלעכט פֿון
קלאַסן־אינטערעסן, פֿאַרקאָמפּליצירט דורך דעם שטרײַט פֿון די פֿאַרשיידענע
פּראָווינצן, ווי דאָס איז געווען אין איטאַליע, האָבן די פֿלאָרענטינער, קענטיק,
גאַנץ גוט פֿאַרשטאַנען, אַז אין דער שטרעבונג אײַנצוהאַלטן זייערע עקאָנאָמישע
און פּאָליטישע פּאָזיציעס קען די ווירקונג פֿון דער טאָסקאַנישער טראַדיציע
אין דער ליטעראַטור-שפּראַך שפּילן גאָר אַ היפּשע ראָלע. און אויב שוין ריידן
וועגן „אָנכאַפּן זיך אָן אַ געלעגנהײַט", וואָלט שוין ריכטיקער געווען צו באַ-
הויפּטן פֿאַרקערט, אַז זיי האָבן געזען אויסניצן די „געלעגנהײַט", וואָס זייער
דיאַלעקט איז דאָך געלעגן אין גרונט פֿון דער ליטעראַטור־שפּראַך, קעדיי צו
פֿאַרפֿעסטיקן אויך אַף ווײַטער מיט דער הילף פֿון אָט דער שפּראַך, וואָס זאָל
זײַן די איינציקע געזעצלעכע פֿאַר גאַנץ איטאַליע, דעם טאָסקאַנישן אַווטאָרי-
טעט. עס ווערט געגרינדעט אין 1582 יאָר די „קרוסקאַ-אַקאַדעמיע", וואָס איר
הויפּט־ציל איז רייניקן די שפּראַך, ד. ה. אופֿשטעלן און אײַנהאַלטן די ריינ-
קײַט פֿונעם טאָסקאַנישן דיאַלעקט, גענומען אין זײַן קלאַסישער פֿאָרמע, ווי
דעם איינציקן ליטעראַריש געזעצלעכן. דאָס איז אויך געווען די ציל-אײַנ-
שטעלונג פֿונעם ווערטערבוך, וואָס די קרוסקאַ האָט אונטערגענומען. אין אָט
דער פּוריסטישער טענדענץ גופֿא איז שוין אָבער געלעגן די שוואַכע זײַט
זייערע. קלאַמערנדיק זיך אָן זייערע אַלטע פּריווילעגיעס, אָן דעם גלאַנץ-פּע-
ריאָד פֿון 14־15-טן יאָרהונדערט, האָבן זיי געמוזט זײַן קאָנסערוואַטיוו, ניט
צולאָזן אינעם וו"ב קיין שום „פֿרעמדס" און קיין שום נײַס. האָבן טאַקע די
קריטיקער זיי אופֿגעוואָרפֿן ניט נאָר דאָס, וואָס אינעם וו"ב פֿעלן אינגאַנצן
עלעמענטן פֿון אַנדערע דיאַלעקטן, אַכוץ דעם טאָסקאַנישן, און דעריבער קען

ער ניט פּרעטענדירן צו זײַן דער געזעצגעבער פון דער אַל־איטאַליענישער ליטעראַטור-שפּראַך, נאָר אויך, אז אין אים פעלן אַלע נײַע ווערטער, וואָס די אנטוויקלונג פון דער קולטור און וויסנשאַפט האָט פאַר דער צײַט אַרײַנ-געבראַכט אין דער שפּראַך. די קרוסקיאַנער האָבן זייער וו״ב ניט איינמאָל איבערגעארבעט, און יעדער מאָל האָט די קריטיק צו אים געהאַט אַלץ נײַע טײַנעס, האָט שטענדיק אָנגעוויזן אַף פעלערן און בלויזן.

דער דאָזיקער קאַמף אַרום דעם יעסאָד פאַר דער איטאַליענישער ליטעראַ-טור-שפּראַך ציט זיך לאַנגע יאָרן, אַזש ביז ווײַט אין 19-טן יאָרהונדערט אַרײַן, און אין צענטער פון אָט דעם קאַמף איז ביזן סאָף 18־טן יאָרהונדערט גע-שטאַנען די פראַגע וועגן דעם קרוסקאַ-וו״ב (די לעצטע אויסגאַבע זײַנע איז פון 1763 יאָר).

* * *

מער באַקאַנט איז באַ אונדז די געשיכטע פון דעם פראַנצייזישן אַקאַדעם. וו״ב. איך וועל זיך דעריבער דאָ ווייניק וואָס אָפּשטעלן אַף אים. לאַפאַרגס באַרימטע אַרבעט „שפּראַך און רעוואָליוציע״ האָט גאַנץ גענוי אויפגעקלערט און אַנאַלי-זירט דעם כאַראַקטער פון דעם דאָזיקן וו״ב, וואָס האָט געהאַט דעם ציל צו פאַרפיקסירן די העגעמאָניע פון דער אַריסטאָקראַטישער שפּראַך פון האָטעל ראַמבוליע, אָנערקענענדיק גאַנץ אָפנהערציק (אין דעם פאָרוואָרט צו דער דרי-טער אויפלאַגע פון 1740) פאַר פראַנצייזיש נאָר די שפּראַך פון דער העכערער געזעלשאַפט און פון די שרײַבער, וואָס זי פאַטראָנירט, אָבער בעשום אויפן ניט די שפּראַך פון בורזשואַ און באַלמעלאָכע (לאַפאַרג). איך וועל זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אַף די אַלע סטאַדיעס, וואָס דער דאָזיקער וו״ב האָט דורכגעמאַכט זינט זײַן ערשטער אויפלאַגע אין 1694, ניט אַף דער אויסגאַבע פון 1798, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן לויט א פאַראָרדענונג פון קאָנווענט אין 1795, און האָט שוין אָפּגעשפּיגלט די שפּראַך פון דער רעוואָליוציע, ניט אַף דעם פאַר-ביסענעם קאַמף, וואָס האָט זיך צעפלאַקערט אַרום אָט דער אויסגאַבע, ניט אַף דעם ווי אַזוי די אַקאַדעמיע, ווען זי איז ווידער אויפגעשטעלט געוואָרן, האָט געזוכן אָנעמען אַלע מיטלען צו אויסוואָרצלען פון וו״ב און פאַרווישן אַלע שפּורן פון דער איבערקערעניש אין דער שפּראַך, וואָס די רעוואָליוציע האָט אַרײַנגעטראָגן, — וועגן דעם אַלעמען קען מען איבערלייענען באַ לאַפאַרגן אין דער דערמאָנטער אַרבעט [1].

* * *

דער 18-טער יאָרה. אין ענגלאַנד. אָט ווי ענגעלס כאַראַקטעריזירט דעם דאָ-זיקן פּעריאָד:

„דער מערקווירדיקער פעריאָד אין דער געשיכטע פון ענגלאַנד, וואָס פיליס-טערן האָבן אים א נאָמען געגעבן „דער גרויסער בונט״, און די שלאַכטן וואָס האָבן אים נאָכגעפאָלגט, ווערט אָפּגעשלאָסן מיט א לעפּיערעך אומבאַדײַטנדיקער געשעעניש אין 1689 יאָר, וואָס ליבעראַלע היסטאָריקער רופן זי „די רומפולע רעוואָליוציע״. דער נײַער אויסגאַנג־פּונקט איז געווען א קאָמפּראָמיס צווישן דער אויפגייענדיקער בורזשואַזיע און די געוועזענע פעאָדאַלע גרויסע ערדבאַזי-צער. די לעצטע, וואָס האָבן זיך דאַן, ווי אויך איצטער, גערעכנט פאַר אַריס-

---

Поль Лафарг — Язык и революция. Akademia. М.—Л. 1930. (1

טאָקראטיע, זײַנען שוין לאנג געווען אפן וועג צו דעם, וואָס לוי־פיליפ אין פראנקרײַך איז ערשט געוואָרן א לאנגע צײַט שפעטער: דער ערשטער בורזשוא פון דער נאציע... די ענגלישע „אריסטאָקראטיע" האָט זינט דער צײַט פון הענרי דעם 7־טן ניט נאָר ניט געשטערט דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, נאָר פארקערט, האָט געזוען ארויסציִען פון איר א נוצן. און פונקט אזוי האָט זיך שטענדיק געפונען א טייל גרויסע ערדבאזיצער, וואָס איז אײַנגעגאנגען, צוליב עקאָנאָמישע אָדער פאָליטישע מאָטיוון, מיטצוארבעטן מיט דער פינאנציעלער און אינדוסטריעלער בורזשואזיע. אף אזא אויפן האָט לײַכט געקענט צו שטאנד קומען דער קאָמפראָמיס פון 1689 יאָר".

ניט געקוקט אף מיינונג־פארשיידנהײַטן איבער אייגצלנע פראגעס, האָט די „אריסטאָקראטישע אָליגארכיע צו גוט פארשטאנען, ווי ענג צוזאמענגעבונדן ס'איז איר אייגענער עקאָנאָמישער ווילשטאנד מיטן אופבלי פון דער אינדוסטריעלער און האנדל־בורזשואזיע. פון יענער צײַט אָן איז די בורזשואזיע געוואָרן א באשיידענער, אָבער אן אָנערקענטער טייל פון די הערשנדיקע קלאסן אין ענגלאנד. צוזאמען מיט זיי האָט זי א געמיינזאמען אינטערעס צו אונטערדריקן די אומגעהייערע ארבעטנדיקע מאסע פון פאָלק" (ענגעלס).

אפן גרונט פון אָט דעם קאָמפראָמיס צעבליט זיך אין ענגלאנד די בורזשואזע אָרדענונג מיט אלע אנטשפרעכיקע בורזשואזע „פרײַהײַטן" און „דעמאָקראטישע" אינסטיטוציעס — א 7־יאָריקער פארלאמענט, אָפענע פארזאמלונגען, צײַטונגען און זשורנאלן, קלובן און ביבליאָטעקן א. א. וו. די ווינסשאפט און ליטעראטור ווערן אלץ מער דעמאָקראטיזירט. דער סטיל גופע פון דער ליטעראטור ווערט איינגאנצן געענדערט. עס פארשווינדט פלוצלונג די מעכטיקע, אָבער שווער־וואָגיקע שפראך, וואָס איז געווען אזוי כאראקטעריסטיש פאר די פריִערדיקע שרײַבער, און אָנשטאָט דעם באווײַזט זיך א לײַכטערער, פאָשעטערער סטיל, גרינגער צו פארשטיין. שפעטער האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס האָבן די דאָזיקע דערשײַנונג באדויערט. אזוי באמערקט קאָלרידזש אין איין אָרט, אז „נאָך דער רעוואָליוציע איז דער גײַסט פונעם פאָלק געוואָרן פיל מער קאָמערציעל אין פארגלײַך מיט פריִער; א קערפערשאפט פון געלערנטע אָדער גײַסטלעכע, ווי אזא, פארשווינדט ביסלעכווײַז; ליטעראטור הייבט אָן מערסטנס אדרעסירט צו ווערן צום פראָסטן פאָלק, צו א געמישטן אוילעם". ער באקלאָגט די דאָזיקע דערשײַנונג און אין א צווייטן אָרט קאָנטראסטירט ער דעם נײַעם סטיל מיט דעם „מאיעסטעטישן גאנג און די שווערע ווענדונגען" פון די גרויסע שרײַבערס פון 17 יה. אן אנדערער קלאָגט זיך אף אָט דעם נײַעם „קורץ געהאקטן סטיל", ווי ער רופט אים פאראכטלעך, און ווינטשט זיך אומצוקערן „צו דעם עמעסן אלטן געשמאק" מיט אסאך „אײַנגעקלאמערטע באמערק־ווערטער". ליבעראלע היסטאָריקער פארשטייען אָבער צו דערקלערן, אז „דער עמעס איז, אז די דאָזיקע באוועגונג איז געווען ניט מער ווי א טייל פון דער טענדענץ צו דערנעענטערן צווישן זיך די פארשיידענע קלאסן פון דער געזעלשאפט, וואָס האָט זיך צום ערשטן קלאָר ארויסגעוויזן אין דעם 18־טן יה. און האָט באאײַנפלוסט ניט נאָר דעם סטיל פון די אווטאָרן, נאָר אויך זייערע סאָציאלע זיטן" [1].

---

(1 H. Th. Buckle — History of civilisation in England. V. 1, pp 312—313; note 236. 2-nd London edition.

מיר ווייסן שוין אָבער וואָס פאַר א דערנעענטערונג צווישן וואָסערע קלאסן דאָס איז געווען: עס האנדלט זיך וועגן דעם שוין דערמאָנטן קאָמפּראָמיס צווישן דער אריסטאָקראַטיע און די שפּיצן פון דער אינדוסטריעלער און פינאַנציעלער בורזשואַזיע. דעריבער דאַרף מען אויך ניט איבערשאַצן די דעאָמקראַטיזירונג־טענדענצן פון דער שפּראַך און סטיל, וואָס האָבן זיך דאַן ארויסגעוויזן. וואָרעם, אויב די אריסטאָקראַטיע איז אנטקעגנגעקומען דער בורזשואַזיע, האָט דאָך אויך די בורזשואַזיע זיך געקלאַמערט אָן דער אריסטאָקראַטיע, וואָס מיט איר איז זי געוואָרן א „שוטעף אין אונטערדריקן די „נידעריקערע שטאַנדן" — די אומגעהייערע פּראָדוצירנדיקע פאָלקסמאַסע" (ענגעלס). ספּעציעל האָט זיך עס געמוזט אָפּשפּיגלען אין דעם געביט, וואָס אינטערעסירט אונדז דאָ, וואָרעם די אופגעקומענע בורזשואַ, אין זייער שטרעבונג אויסצוגלייַכן זיך מיט דער אריסטאָקראַטיע, האָבן זיך געמיט איבערצונעמען דעם גאנצן אויסערלעכן גלאַנץ פון איר קולטור. גאַנץ גיך האָבן זיך אָנגעהויבן דייַטלעך ארויסצווייַזן שטרעבונגען אָפּצושטעלן די ווייַטערע דעראָקראַטיזירונג פון דער שפּראַך.

אין דעם צווייטן פערטל פון 18-טן יאָרה. קומט אוף דער געדאַנק, אַז מע מוז שאַפן א ווערטערבוך פון דער ענגלשער שפּראַך. „ליטעראַטן — צווישן זיי אַדיסאָן, סוויפט און פּאָפּ — האָבן געהאַלטן, אַז די ענגלשע שפּראַך האָט דאַן דערגרייכט צו אַזאַ פולקומקייַט, אַז עס איז קוים מעגלעך נאָך א ווייַטערדיקע פאַרפולקומונג, און מע דאַרף מוירע האָבן, אַז אויב זי וועט ניט פאַרפיקסירט ווערן דורך א לעקסיקאָגראַפישן אווטאָריטעט, זאָל זיך גיך אָנהייבן א יערידע"...[1] סוויפט האָט נאָך אין 1712 י. פאָרגעלייגט, אַז אין ענגלאַנד זאָל געגרינדעט ווערן אַן אקאַדעמיע, וואָס זאָל האָבן דעם העכסטן אווטאָריטעט אין שפּראַך-פראַגעס „אַז יעדער וואָרט, אף וואָסערן די דאָזיקע קערפּערשאַפט וועט געבן איר סאַנקציע, זאָל נאָכדעם ניט קענען אַלט ווערן און אָפּגעוואָרפן ווערן"; זי זאָל האָבן די מאַכט צו באַזייַטיקן ווערטער, אַנדערע פאַריכטן, אַנדערע באַנייַען[2], קיין אַקאַדעמיע פון אַזאַ אַרט איז אין ענגלאַנד ניט געשאַפן געוואָרן, און די סאָציאַלע באַשטעלונג צו פאַרפיקסירן דעם נייַעם סטיל און שפּראַך און ניט דערלאָזן צו א ווייַטערען דעמאָקראַטיזירונג, האָט געמוזט אויסגעפילט ווערן דורך פּריוואַטער איניציאַטיוו. און עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש, אַז אויסגעפילט די דאָזיקע אופגאַבע, אין דער פאָרמע פון א ווערטערבוך, האָט גראָד אַזאַ איינער, וואָס האָט גיכער געקאָנט באַפרידיקן דעם צ ו ו י י ט ן טייל פון דער אופגאַבע—ניט דערלאָזן צו א ווייַטערער דעמאָקראַטיזירונג פון דער שפּראַך,— וואָרעם אליין איז ער געווען איינער פון די דאַן שוין ווינציקע אָנהענגער גראָד פון דעם אַלטן סטיל. דאָס איז געווען ד"ר סעימועל דזשאַנסאָן, און זייַן צוגעבונדנקייַט צום אַלטן סטיל איז געווען ווייַט ניט קיין צופעליקייַט.

דער אַנטוויקלונג-פּראָצעס פון דער בורזשואַזער אָרדענונג אין לאַנד קומט פאָר האַסטיק, אָבער ניט אָן ווידערשפּרוכן און ניט אָן א געוויסן ווידערשטאַנדי. די יאַקאָביטן זייַנען אינגאַנצן צעקלאַפּט, אין לאַנד זייַנען אָבער נאָך געבליבן רעשטלעך זייערע, פאַראַן ווינקעלעך, ווו זיי האַלטן זיך נאָך, ווי לע-

[1] זע דאָס וואָרט Dictionary אין דער „ענציקלאָפּעדיע בריטאַניקאַ", ב. 7, 14-טע אופל. 1929.

[2] אין זייַן שריפט: „A proposal for correcting improving and ascertaining the english tongue". ציטירט אין דעם אַרייַנפיר צו דער 6-טער אויסגאַבע פונעם פראַנצייזישן אַקאַדעמישן ווערטערבוך, 1835.

מאָשל, אין אָקספאָרד. זײ זײַנען נאָך אין אָפּאָזיציע צו דער נײַער דינאַסטיע, צו דער מאַכט פון די וויגס. קײן סאַך אופטאָן קענען זײ שוין ניט, אָבער זײ פאַרגינען זיך צו קריטיקירן די מאָסמיטלען פון דער רעגירונג, בײַסיק אויסצולאַכן די נײַ אופגעקומענע בורזשואַ און דעמאָנסטראַטיוו פאָכען מיט דער „אַלטער טרײַער פאָן” פון די אַריסטאָקראַטישע טאָריס.

א מערקווירדיקע פיגור פון יענער צײַט שטעלט מיט זיך פאָר ד״ר סעמועל דזשאַנסאָן, א זון פון א פּראָווינציעלן בוכהענדלער, א פאַרביסענעם יאַקאָביט און א גאָר נאָענטן מענטש מיט די קירכלײַט, וואָס זײַנען געווען אין אָפּאָזיציע צו דער נײַער מאַכט. זײַן דערציִונג האָט סעימועל דזשאַנסאָן באַקומען אין אָקספאָרד, אין פעמבראָקער קאָלעדזש, וואָס איז געווען דער סאַמע יאַקאָביטישער נעסט אין ענגלאַנד. זײַן גאַנצן לעבן בלײַבט ער אן אויסגעהאַלטענער טאָרי, א שטענדיקער קעגנער פון די וויגס. ער פאַרנעמט זיך מיט ליטעראַטור און איז אײנער פון די לעצטע קעמפער פאַרן אַלטן סטיל. עס איז דאַן די איבערגאַנג-צײַט, ווען „ליטעראַטור הערט אוף צו בליִען אונטער דעם פאַטראָנאַט פון אַריסטאָקראַטישע מעצענאַטן און האָט נאָך ניט אָנגעהויבן צו בליִען אונטער דעם פאַטראָנאַט פונעם ברײטן עולם”, ווי עס דריקט זיך אויס מאַקאָלעי אין זײַן מאָנאָגראַפיע וועגן דזשאַנסאָנען. דזשאַנסאָן איז א טאַלאַנטפולער ליטעראַט, דאָס מוזן אָנערקענען אפילו זײַנע קעגנער, ער לאָזט אָבער ניט אָפּ אף א האָר פון זײַנע איבערצײַגונגען, און ער לײַדט קימאַט זײַן גאַנצן לעבן פון דער שרעקלעכסטער נויט, פירט א לעבן פון א באָהעמעמענטשן. עס געפינען זיך אפילו גוטע פרײַנט, וואָס זײַנען זיך מישטאַדל וועגן א רעגירונג-פענסיע פאַר אים; אָבער, פאַרשטײט זיך, אז ניט פאַר אים, דעם ביִפּטיקן קריטיקער פון די וויגס, סײַ מיט דער צונג, סײַ מיט דער פען, האָט די וויגישע רעגירונג געהאַט פענסיעס.

גאָר א גרויסן נאָמען האָט זיך דזשאַנסאָן געמאַכט מיט זײַן ווערטערבוך פון דער ענגלישער שפּראַך, ארויס אין 1755. דאָס איז געווען דער ערשטער גרויסער ענגלישער ווערטערבוך (ווערטערבוך). דער אוטאָר האָט דאָ ארויסגעוויזן זײַנע געוואַלטיקע קענטעניש אין דער ענגלישער שפּראַך, טרעפלעכקײַט אין אויסטײַטשן די ווערטער, א קאָלאָסאַלע ערודיציע אין דער ענגלישער ליטעראַטור, פון וואַנען ער האָט מיט א מערקווירדיקער געשיקטקײַט אויסגעקליבן איליוסטראַציון מאַטעריִאַל פאַרן ווערטערבוך.

דער ווערטערבוך האָט דאַן געמאַכט א קאָלאָסאַלן רושעם. זײַן אוטאָריטעט האָט אָנגעהאַלטן לאַנגע צענדליקער יאָרן, מע האָט אים ניט אײנמאָל איבערגעאַרבעט און ארויסגעגעבן אין נײַע אופלאַגעס. טשאַרלז ריטשאַרדסאָן שרײַבט אין דער האַקדאָמע צו זײַן וו״ב (1837): „ביז איצט איז דזשאַנסאָנס נאָמען א שטערונג פאַר דעם פאָרשריט פון לעקסיקאָגראַפיע אין לאַנד, ער האָט געשאַפן באַוווּנדערער און אָנהענגער און האָט אונטערגעגראָבן יעדער קאָנקורענץ”. און דאָס אַלץ, ניט געקוקט אף דעם, וואָס דזשאַנסאָן איז געווען א קעגנער פונעם „קאָמפּראָמיס”, אין שפּראַך-פראַגעס אן אָנהענגער פונעם אַלטן סטיל, און אָט די בײדע מאָמענטן האָבן זיך גאַנץ בולעט אָפּגעשפּיגלט אין זײַן ווערטערבוך. דער דאָזיקער מאָמענט ווערט געווײנטלעך פאַרשמירט. איצט גילט שוין זײַן פאַרעלטערטער „הויכער” סטיל ווי א „שעם-דאָוואָר”, מע רעדט וועגן שפּראַכלעכע „דזשאַנסאָניזמען” און מע לאַכט פון זײ גוטמוטיק, ווי פון

מעשונעדיקע אופגעבלאָזונע מעליצעס. מיט דער זעלביקער מאָס גייט מען אויך געווינטלעך צו צו זײַנע פּאָליטישע אויספאַלן אין דעם וו״ב, מע דערציילט עס ווי אַנעקדאָטן, ווי „מעשונעדיקע גענג״ פון א מענטשן, וואָס האָט זיך דער-לויבט אין וו״ב „אויסדריקן זײַנע פערזענלעכע געפילן און פּאָרורטיילן״, אָדער גאָר ווי ארויסווײַזונגען פון הומאָר, וואָס ניט א יעדערער מעג זיך עס דערלויבן און טאקע בעסער, אז מע טוט עס ניט... (לאַרוס).

דער ענגלישער היסטאָריקער מאקאָלעי (מארקס רופט אים „סיסטעמאטישער פאַלסיפיקאטאָר פון געשיכטע״...) האָט אָנגעשריבן א גרויסע מאָנאָגראפיע וועגן דזשאנסאָנען. ער ווייס אסאך צו דערציילן וועגן די קרענקלעכע גרימאסן פון דזשאנסאָנס פּאָנים, וועגן זײַנע מאניערן און אומהעפלעכקײַט אנטקעגן די הערשנדיקע אריסטאָקראטן, וועגן זײַן ניט קענען הויזן מיט קיינעם; ער דער-ציילט לאנג און רירנדיק וועגן זײַנע ליידן, וועגן הונגער און דאכקעס, און אַלץ ווערט דערקלערט קימאט אויסשליסלעך מיט דזשאנסאָנס „מאָדנעם״ ווילדן כאראקטער (ווי עס פאסט פאר א געניאַלן מענטשן...). וועגן זײַנע פּאָליטישן אָנשוױונגען ווערט אויך דערציילט אין אזא אנעקדאָטישן טאָן: „ער איז זיך געווען א טאָרי, ניט מאכמעס ער איז דערינען געווען איבערגעצײַגט מיטן פארשטאנד — וואָרעם אין ערנסט איז זײַן מיינונג געווען, אז איין מעלוכע-פּאָרמע איז פונקט אזוי גוט אָדער שלעכט ווי די אנדערע — נאָר פון הוילער ליידנשאפט, פונקט אזוי ווי די ליידנשאפט, וואָס האָט אופגערעגט די קאפּו-לעטיס קעגן די מאָנטעגיוס, צי די בלויע אין דעם רוימישן צירק קעגן די גרינע... ...טשארלז דער 2-טער און דזשעימס דער 2-ער זײַנען פאר אים געווען די בעסטע קיניגן, וואָס זײַנען ווען עס איז געזעסן אפן טראָן... ...אונטער א רעגירונג, וואָס האָט דערלויבט דעם פאָלק א ביז דאן ניט געווע-זענע פרײַהײַט פון וואָרט און טאט, האָט ער זיך אײַנגעשמועסט, אז ער איז א שקלאף. ער האָט פײַנט געהאט דיסענטערס און אקציעס-ספּעקוליאנטן, אקציז און די ארמיי, דעם זיבניאָריקן פארלאמענט און קאָנטינענט-פארבינדונגען״. דאכט זיך, א גאנץ אויסגעשפּראָכענע פּאָליטישע פּראָגראם, און דאָך... און דאָך איז עס ניט מער קלוימערשט ווי „מעשוגענע געגג״ פון, עמעס, א געניאַלן מענטשן.

„ער איז פון קינדווײַז אָן געווען א סוינע דער הערשנדיקער דינאסטיע. זײַנע יאקאָביטישע פּאָרורטיילן פלעגט ער ארויסווײַזן, גאָר ווינציק מאסקירנ-דיק זיי סײַ אין זײַנע ארבעטן, סײַ אין זײַנע שמועסן. אפילע אין זײַן מאסיוון און זאָרגפעלטיק באארבעטן וו״ב, האָט ער מיט א מאָדנעם מאנגל פון געש-מאק און פארשטאנד, ארײַנגעשטעלט גיפטיקע און גראָבּ באליידיקנדיקע געדאנ-קען וועגן דער וויגישער פּארטיי״. אזוי דערציילט מאקאָלעי. וואָס זשע זײַנען עס געווען פאר א „געשמאקלאָזיקײַטן״ אינעם ווערטערבוך? אָט זײַנען אייניקע מוסטערן:

בא די וויגישע פינאנסיסטן איז אקציז געווען איינער פון די באליבטסטע קוואלן פון האכנאָסע. פּארטײַטשט דזשאנסאָן אין זײַן וו״ב דעם וואָרט „אקציז״: „א פארהאסטער שטײַער, וואָס ווערט ארופגעלייגט אף אונדזערע פארמעגן און ווערט באשטימט ניט דורך די נאטירלעכע אורטיילער איבער אייגנטום, נאָר דורך גאָרנישטן אף געהאלט פון די, וועמען מע דארף עס אײַנצאָלן״. די אקציז-באאמטע האָט ער אטעסטירט מיט אזא שפּראך, אז זיי האָבן גאנץ ערנסט

געהאלטן בא איבערגעבן אים אין געריכט. מע האָט אים מיט גרויס מי אָפּגע-האַלטן, ער זאָל ניט אריינשטעלן פאר א ביישפּיל צום וואָרט „רענעגאט" דעם לאָרד געהיים-ראטגעבער באם נאָמען. דאָס וואָרט „ה אָ ב ע ר" פארטייטשט ער: „אזא טווּע, וואָס אין ענגלאנד גיט מען עס פערד, אָבער אין שאָטלאנד שפּייזן זיך דערמיט מענטשן". מיר האָבן שוין דערמאָנט, אז אים האָט די וויגישע רעגירונג קיין פּענסיע ניט געגעבן. אָט ווי ער פארטייטשט אין וו״ב דאָס וואָרט „פּ ע נ ס י ע": „א באלוינונג, וואָס מע גיט אימעצן אָן אן עקוויוואלענט. אין ענגלאנד פארשטייט מען עס געוויינטלעך ווי א געמיינעם געצאָלט, וואָס מע גיט א שטאטס-געדונגענעם (ער ניצט דאָס פאראכטלעכע וואָרט Hireling, רוסיש наёмник) פאר פאראטן דאָס פאָטערלאנד". און א „פּענסיאָנער" אין בא אים — א שקלאף בא דער רעגירונג, געדונגען פאר א געהאלט צו פאָלגן דעם באלעבאָס.

אָט די פּאָליטישע פּאמפלעטן הייסן עס בא מאקאָלעיען „מאָדנע געשמאק-לאָזע גראָבקייטן", בא לארוסן — „וויציקע אנעקדאָטן" פון א טאלאנטפולן הומאָ-ריסט...

קעדיי צו פארענדיקן מיטן דאָזיקן „הומאָריסטישן" לעקסיקאָגראף, לאָמיר נאָך צוגעבן, אז אף דער עלטער איז ער אופגעריכט געוואָרן פון זיין נויט. אין 1762 יאָר, ווען קעניג פון ענגלאנד איז שין געווען דזשאָרדזש דער 3-טער, צו דער מאכט זיינען געקומען ווידער די טאָריס, האָט די נייע רעגירונג מעקארעוו געווען דזשאנסאָנען. מע האָט אים פאָרגעלייגט א רעגירונג-פּענסיע, און ער האָט זי דאפקע גערן אָנגענומען. דער אלטער טאָרי טאָרי און נייער פּענסיאָ-נער האָט גאנץ געטריי געדינט זיינע פּאָליטישע באלעבאטים און האָט אָנגעש-ריבן איינציקע פּאָליטישע אָפּהאנדלונגען צו פארטיידיקן די אינערלעכע און אוי-סערלעכע פּאָליטיק פון דער רעאקציאָנערער רעגירונג. ווען די שטרייטיקייטן-צווישן ענגלאנד און אירע אמעריקאנער קאָלאָניעס, — דערציילט מאקאָלעי, — האָבן דערגרייכט צו אזא פּונקט, אז א מילכאָמע איז געוואָרן אומפארמיידלעך, האָט דזשאנסאָן, לויטן אופטראָג פון די מיניסטאָרן, אָנגעשריבן א פּאמפלעט אף צו אופהייבן דאָס פאָלק קעגן דער אָפּאָזיציע אינעם היימלאנד און קעגן די אופשטענדלער אף יענער זייט אָקעאן. דערדאָזיקער פּאמפלעט איז געווען א ליטערארישער דורכפאל. מאקאָלעי דערקלערט עס דערמיט, וואָס „ער (דזשאנ-סאָן) איז פאר קיין פאל ניט געווען קיין פּאָליטיקער. ער האָט קיינמאָל גערן ניט געלייענט, ניט געטראכט, ניט געפּירט קיין געשפּרעכן וועגן מעלוכע-אינ-יאָנים... ...איבער דער פראגע, וואָס איז געשטאנען צווישן די קאָלאָניעס און דער מעטראָפּאָליע, האָט ער ווירקלעך ניט געהאט וואָס צו זאָגן"... אז מע שמועסט, אן אומשולדיקער געניאלער „טשודאק" — ווי קומט ער צו פּאָליטיק...

* * *

גרימס דייטשישער וו״ב איז ווירקלעך אן עפּאָכע אין דער געשיכטע פון ווערטערביכער, לויט זיין ברייט אומפאסנדיקן פארנעם, לויט דער געוואלדיקער ערודיציע און טיפער געלערנטקייט, עכט-דייטשישער סאָלידקייט, וואָס ליגט אין אים. ניט אומזיסט ווערט ער גערעכנט ווי א מוסטער פון ויסנשאפטלעכער לעקסיקאָגראפיע. וואָס פאר א ציל שטעלט זיך גרים מיט זיין וו״ב? ער זאָגט עס גאנץ קלאָר און דייטלעך 1): „זינט די באפרייונג-מילכאָמעס איז אין אלע

1) זע דעם פאָרוואָרט אין באנד 1 פונעם ווערטערבוך.

איידעלע שיכטן פון פאָלק אופגעקומען א דויערנדיקע ניט פארגייענדיקע בענק־
שאפט נאָך אזעלכע גיטער, וואָס פאריי ניקן דײַטשלאנד און ניט זיי
צערײַסן עס (אונדזער אונטערשטרײַכונג), וואָס נאָר זיי קענען אף אונדז ארופ־
לייגן און פארהיטן דעם שטעמפּל פון פולער אייגנארטיקײַט". און ניט אומזיסט
זוכט ער אזעלכע „גיטער" אין געביט פון שפּראך: „די גרויסע צאָל מיטצײַט־
לערס, שרײַבט ווײַטער גרים, פאר וועמעס וואכן אויג עס האָבן זיך צעוויקלט
די לעצטע 30 יאָר, וועלן ניט פארגעסן, ווי הויך עס האָבן אין זיי געשטיגן
די האָפענונגען, ווי שטאָלץ און ריין עס זײַנען געווען די געדאנקען; ווען נאָך
דעם געוויטער פון 1848 האָבן לאנג און שווער גענומען דורכציִען אין דער
לופט כוואליעס פון רעאקציע, קענען שפּראך און געשיכטע אמשענסטן באווײַזן
זייער קראפט פון בארויִקונג"... הייסט עס, אז די שפּראך דארף דאָ דינען
ניט נאָר ווי א געווער פון נאציאָנאליסטישן אָנגריף („פאריייניקן דײַטשלאנד"
אונטערן „שטעמפּל פון פולער אייגנארטיקײַט"), נאָר אויך ווי א
„מיטל פון בארויִקונג". וועמען בארויִקן? דעם ראָמאנטישן אידע־
אָלאָג פון די קליינע פריצישע ערדבאזיצער און פעסטן פויערטום, וואָס וואָלטן
וועלן אויסמעקן פון געדעכעניש דעם „געוויטער פון 1848", צי די געמיטער
פון יענע „אומרויִקע" עלעמענטן, וואָס האָבן „דעם געוויטער" געבראכט? מיס־
טאמע, אי די אי יענע. און דעריבער דארף מען באקענען דאָס פאָלק מיט
זײַן פארגאנגענהײַט, מע דארף פאר אים ברייט עפענען די טויערן צו דער
ליטעראטור פון זײַנע אורעלטערן, צו די שאפונגען פון זײַן אמאָל. מע דארף
שאפן אזעלכע מאָנומענטן, וואָס זאָלן ארײַנעמען אלע הערלעכע אויצרעס פון
דעם גאנצן פאָלק, פון אלע זײַנע שיכטן אין אלע צײַטן. „וואָס איז דער
צוועק פון א וו"ב? — פרעגט גרים, און ער ענטפערט: „לויט נאָך זײַן אומפּאסנדי־
קער אלגעמיינהײַט קען דאָ זײַן נאָר א גרויסער ווײַטער ציל. ער דארף שאפן
א הייליקטום פון דער שפּראך, אופהיטן איר גאנצן אויצער, פאר אלעמען האלטן
אָפן דעם צוטריט צו אים"... און ער וויל טאקע, אז זײַן וו"ב זאָל זײַן א לייענבוך,
וואָס דער פאָטער לייענט פאָר פאר זײַן הויזגעזינד, די מוטער פאר אירע קינ־
דער. וואָס זיי וועלן דאָרט אויסלייענען, וועלן מיר זען אביסל ווײַטער.

* * *

אין די יאָרן 1903—1906 איז ארויס די דריטע אופלאגע פון דאלס באַ־
רימטן רוסישן וו"ב. די דאָזיקע 3-טע אופלאגע איז באארבעט געוואָרן און
אויסגערעדאקטירט געוואָרן דורך דעם באוווסטן לינגוויסט פּראָפעסאָר באָדוען־
דע-קורטענע. אין דעם פאָרוואָרט דערציילט דער רעדאקטאָר, אז אָט די נײַע
אופלאגע האָט ארויסגערופן „איבערהויפּט אין די לעצטע כאדאָשים פון 1906 יאָר
א גאנצן שטורעם אין דער פּרעסע אין די אָרגאנען פון א געוויסער ריכטונג,
א שטורעם, וואָס איז געווען באלייט מיט שווערע באשולדיקונגען אנטקעגן דער
רעדאקציע אין פארשיידענע שיר ניט פארברעכערישע אקטן... ...סײַ דער רע־
דאקציע, סײַ די פארלעגער איז אויסגעקומען צו דערהאלטן פארשיידענע,
מערסטנטייל אנאָנימע בריוו, אין פּראָזע און אין פערזן, מיט מער אָדער ווייני־
קער אָפענע זידלערײַען און דראָונגען". דער „פארברעך" איז באשטאנען אין
א ריי צוגאָבן, וואָס דער רעדאקטאָר האָט ארײַנגעטראָגן אין דעם אלטן דאלס
טעקסט. דער רעדאקטאָר געפינט פאר נייטיק אופצוקלערן דעם איניען און פּא־
רענטפערן דעם כאראקטער פון זײַנע צוגאָבן, וואָס שטאמען אין א גרויסן

טייל פון מאטעריאַלן, וואָס זײַנען צוגעקומען די לעצטע יאָרן, „יאָרן פון פּאָלי־
טישע מעהומעס און גרונטלעכע איבערקערענישן אין דער וועלטאַנשויונג פון
קימאט אלע קלאסן פון דער געזעלשאפט". אָף די דאָזיקע דערקלערונגען איז
קעדײַ אָפּצושטעלן זיך צוליב נאָך א טאם.

באָדוען-דע-קורטענע איז באקאנט אין דער שפּראכוויסנשאפט ווי אן אָנ־
הענגער פון דער פסיכאָלאָגיסטישער שול. אזוי באהויפּט ער [1]), אז „שפּראך
עקסיסטירט נאָר אין די אינדיווידועלע מויכעס, נאָר אין די נעשאָמעס, נאָר אין
דער פסיכיק פון די אינדיווידן אָדער איינצלוועזנס, וואָס בילדן די באטרעפנ-
דיקע שפּראך-געזעלשאפט. א שייוועט-שפּראך, אָדער א נאציאָנאלע שפּראך, איז
א ריינע אבסטראקציע, א פאראלגעמיינערנדיקע קאָנסטרוקציע, געשאפן פון
א גאנצער ריי רעאל עקסיסטירנדיקע אינדיווידועלע שפּראכן. אזא שייוועט-
שפּראך, אָדער נאציאָנאלע שפּראך, באשטייט פון א סומע אסאָציאַציעס פון
שפּראכלעכע פאָרשטעלונגען מיט אויסערשפּראכלעכע פאָרשטעלונגען — אסאָציאַ-
ציעס, וואָס זײַנען אייגנטימלעך אינדיווידן און, אין א ב ס ט ר א ק ט ן זינען,
אין דער געשטאלט פון א ד ו ר כ ש נ י ט־ר ע ז ו ל ט א ט, אויך פעלקער און שוואָ-
טים" (ז. 531). אָט די געדאנקען כאזערן זיך איבער בא באָדוען-דע-קורטענע
ניט איין מאָל. אזוי געפינען מיר אין זײַן „ארײַנפיר אין שפּראכוויסנשאפט"
אן ענלעכע און אפילע נאָך א שארפערע פאָרמולירונג: „די אזוי גערופענע
רוסישע שפּראך שטעלט מיט זיך פאָר א סאמע הוילע פיקציע. קיין שום רוסישע
שפּראך, פונקט אזוי ווי אויך קיין שום אנדער שייוועט-שפּראך, אָדער נאציאָ-
נאלע שפּראך, עקסיסטירן גאָר ניט. עס עקסיסטירן, ווי רעאלקײַטן, נאָר אינ-
דיווידועלע שפּראכן אליין, פינקטלעכער, אינדיווידועלע דענקענס. די שייוועט-
שפּראך, אָדער נאציאָנאלע שפּראך, שטעלן מיט זיך פאָר א דורכשניט־רעזולטאט
פון א געוויסן סכום אינדיווידועלע שפּראכן". דער אויסגאנג-פונקט בא אים איז,
ווי מיר זעען, די שפּראך פונעם אינדיוויד, וואָס ווערט אָנערקענט פאר דער
איינציקער רעאלקײַט. די שפּראך פונעם קאָלעקטיוו שטעלט ער זיך פאָר נאָר
ווי א „פאראלגעמיינערנדיקע קאָנסטרוקציע", וואָס ער פארשטייט, ווי עפּעס
אן אלגעבראישע אבסטראקציע פון אן אריפמעטישער סומע („אן אומגעפעריקער
דורכשניט־רעזולטאט און אבסטראקציע פון א סומע פון א גאנצן סכום אינדיווי-
דועלע שפּראכן" (דאָרט Языкознание, ז. 520). בעמיילע איז שוין קיין
וווּנדער ניט, ווען ווײַטער באהויפּט ער, אז „שטרענג גערעדט איז נאָר דער
אינדיווידועלער שפּראך אייגנטימלעך אנטוויקלונג, דער שייוועט־שפּראך אָבער —
ג ע ש י כ ט ע, ווי אן אנטוויקלונג אן איבערײַסלעכע" (דאָרט Язык; ז. 541).

בא אזעלכע אָנשויונגען, וואָלט זיך געדוכט, אז שפּראך האָט איבערהויפּט
קיין שום שײַכעס ניט צו סאָציאַלע פארהעלטענישן און סאָציאַלע קאמפן, וואָ-
רעם מיר האָבן דאָך צו טאָן מיט קלוימערשט א ריין אינדיווידועל־פּסיכאָלאָגי־
שער דערשײַנונג, און שפּראך פון א קאָלעקטיוו (א שייוועט, א פאָלק, א קלאס)
עקסיסטירט נאָר איבערהויפּט ניט אין דער רעאלקײַט. ווײַזט זיך ארויס, אז
די זאך איז גאָר ניט אזוי, אז די ניט מאמאָשעסדיקע „הוילע אבסטראקציע"

---

1) זע זײַנע ארטיקלען Языкознание און Язык и языки אין בראָקהאוז-עפראָנס ענציק־
קלאָפּעדיע, ב. 81.

ווײַזט אַרויס גאַנץ מאַמאַשעסדיקע סימאָנים פון לעבן, פון רעאַלן קאַמף אין איר און פאַר איר, און אין „יאָרן פון פּאָליטישע מעהומעס" (דאָס מיינט מען די רעוואָליוציע פון 1905) קען עס אפילע דערפירן צו אנאָנימע בריוו מיט גאַנץ רעאַלע דראָונגען...

עס איז דעריבער זייער אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען, וואָס אונדזער זייער אָנגעזעענער ליבעראַל-בורזשואַזער געלערנטער זאָגט (זאָל זײַן „אין יאָרן פון פּאָליטישע מעהומעס") וועגן... ס אָ צ י א ל ע ר שפּראַך-דיפערענצירונג און וועגן דער באַציִונג, וואָס די וויסנשאַפט קען און דאַרף האָבן דערצו. מיר ברענגען דאָ דעריבער א לענגערן אויסצוג פון דער שוין דערמאָנטער האַקדאָמע צום וו"ב:

„אַדאַנק די טיפע אופטרייסלונגען, וואָס זײַנען געווען, זײַנען פאָרגעקומען ניט נאָר האַסטיקע ענדערונגען אין פאַרשיידענע געביטן פון לעבן און וועלט-אָנשויונגען ביקלאַל, נאָר אויך האַסטיקע ענדערונגען אין דעם פאַרשטיין דעם באַטײַט פון געוויסע ווערטער. אויב אויך אין דער געוויינטלעכער פרידלעכער צײַט ווערט דער באַטײַט פון וואָרט קעסיידער געענדערט און וואַריִרט, לויט דער אָנגעהעריקײַט פון די אינדיווידן ניט נאָר צו דער אָדער יענער געגנט, נאָר אפילע צו דעם אָדער יענעם שטאַנד, געזעלשאַפטלעכן קלאַס און אפילע „פּאַרטיי". — איז דאָך נאָך מער אומפאַרמײַדלעך א ווײַט גייענדיקע אומענדע-רונג אין דעם באַטײַט פון די ווערטער אין דער אָקאָרשט איבערגעלעבטער און נאָך דויערנדיקער, „רעוואָליוציאָנערער", „קאָנטררעוואָליוציאָנערער" און ביקלאַל העכסט אַנאַרכישער צײַט. בא פאַרשיידענע צווישן זיך פײַנטלעכע „פּאַרטייען" קריגן די זעלביקע ווערטער פאַרשיידענע, אמאָל דיאַמעטראַל קעגנזעצ-לעכע באַדײַטונגען און רופן אַרויס א פאַרשיידענע שטימונג. און וויבאַלד א וו"ב פּרעטענדירט אויף א לעפּיערעכדיקער פולקײַט, מוז ער ווי ווײַט מעגלעך האָבן אין זינען אויך אָט די פאַרשיידנאַרטיקײַט, וואָס איז ניט ווייניקער וויכטיק, איידער לעמאָשל די פאַרשיידנאַרטיקײַט לויט אָרטיקע דיאַלעקטן. אָט די דער-גאַנצונגען האָט עס די רעדאַקציע געהאַט אין אויג, בײַס זי האָט אַרײַנגעטראָגן אין וו"ב נײַע דעפיניציעס און נײַע בײַשפּילן". ער דערציילט ווײַטער, אַז די רעדאַקציע האָט געזען אויסצומײַדן איינזײַטיקײַט, פּאַרטייִשקײַט און האָט דעריבער גענומען בײַשפּילן פון פאַרשיידענע „פּאַרטייען", „אויב זיי האָבן נאָר פאָרגעשטעלט אַן אינטערעס פאַרן וו"ב פון דער לעבעדיקער שפּראַך".

ווי עס איז צו זען, איז פון דער גאַנצער טעאָריע, אַז וועגן אַנטוויקלונג פון שפּראַך קען מען ריידן נאָר בענעגייע דעם יאָכיד, אָפּהענגיק פון זײַן אינדיווי-דועלן דענקען, פון אָט דער טעאָריע זײַנען שוין דאָ געבליבן נאָר גאָר בלאַסע שפּורן:... „ווערט דער באַטײַט פונעם וואָרט קעסיידער געענדערט און וואַריִרט, לויט דער אָנגעהעריקײַט פון די א י נ ד י ו ו י ד ן... ...צו דעם אָדער יענעם שטאַנד, געזעלשאַפטלעכן קלאַס און אפילע פּאַרטיי", אָפּאָנעם, הייסט עס, אַז דאָס „אינ-דיווידועלע דענקען" אליין (די איינציקע „רעאַלקײַט"!) איז גאָר אָפּהענגיק פון דעם „אַבסטראַקטן" קאָלעקטיוו. נאָר ביקלאַל, וואָס שפּילט שוין דאָ פאַר א ראָלע דער דאָזיקער אינדיוויד, אַז מיט א פּאָר שורעס ווײַטער זאָגט דאָך דער אווטאָר אליין: „בא פ א ר ש י י ד ע נ ע צ ו ו י ש ן ז י ך פ ײַ נ ט ל ע כ ע „פּ א ר-ט י י ע ן" קריגן די זעלביקע ווערטער פאַרשיידענע, אמאָל דיאַמעטראַל קעגנזעצ-לעכע באַדײַטונגען און רופן אַרויס א פאַרשיידענע שטימונג". א „פּאַרטיי", זאָל

זײַן אפילע אין לאפקעס, ווי דער אווטאָר וויל עס דאפקע האָבן [1]), איז דאָך
אָבער א קאָלעקטיוו... הײַנט איז דאָך דאָ גאָר אויסגערונען די גאנצע „אַב־
סטראקציע", וואָרעם אָנשטאָט די רייד וועגן דער שפּראך פון קאָלעקטיוו, ווי
וועגן א פיקציע, און די „אזוי גערופענע" רוסישע שפּראך עקסיסטירט
ניט ווי א רעאַלקײַט, הערן מיר איצטער עפּעס גאָר אנדערש: ער נעמט בײַ־
שפּילן וועגן די באַטײַטן פון וואָרט פון פארשיידענע פארטייען, ווײַל זיי האָבן
„אַן אינטערעס אין ווערטערבוך פון דער לעבעדיקער שפּראַך"! און קעדיי
אויסצומײַדן יעדער סאָפעק אין דעם, אז אונטער „ווערטערבוך פון דער לעבע־
דיקער שפּראך" מיינט דער אווטאָר די שפּראַך ניט פונעם יאָכיד (פון וואָסערן?
צו וועלכער „פּארטיי" געהערט ער?), נאָר טאקע די שפּראַך פונעם פאָלק, די
קלוימערשט פיקטיווע „רוסישע שפּראַך", קען מען זיך איבערצײַגן פון דעם,
וואָס ער זאָגט ווײַטער: „די וויסנשאפטלעכע פּינקטלעכקײַט פון יעדער אויסטײַטש־
ווערטערבוך, אין פּראט פון דעם מאטעריאַל גופע, באשטייט, קוידעמקאָל, אין
אָפּשפּיגלען, ווי ווײַט מעגלעך, דאָסווירקלעכע לעבן און די ווירקלעכע אָנ־
שווינגען פון דעם באטרעפנדיקן פאָלק. אויב דאָס לעבן איז ווילד און טרויער־
דיק, מוז דער אווטאָר אָדער רעדאקטאָר פונעם ווערטערבוך שאָלעם מאכן מיט
אָט דעם טרויערדיקן פאקט, און ער האָט ניט קיין רעכט אָנצווועגדן צופּוצונגען און
פארשווײַגענישן. אויב די אָנשוויונגען אפילע פון א געוויסן טייל פון פאָלק זײַנען
אכזאָריעסדיק און אומזיניק, דארפן זיי אזוי טאקע פארעגיסטרירט ווערן פונעם
לעקסיקאָגראף" א. א. וו.

אזוי זעען מיר, אז אין יאָרן פון „פּאָליטישע מעהומעס" האָט אונדזער
פּראָפעסאָר אָנגעהויבן ריידן מיט א פּאָליטישן לאָשן, און דאָס האָט שוין גע־
מוזט ברענגען דערצו, אז זײַן בלאסע „אבסטראקציע" איז פארוואנדלט געוואָרן
אין א רעאלן, לעבעדיקן, נאָכמער—אין א פּארטייִשן וועזן, פּארטייִשן אָן קיינע
לאפּקעס. עמעס, ער פּרווּוט אפילע זאָגן, אז ער האָט געזען אויסצומײַדן
פּארטייִשקײַט, דערמיט וואָס ער האָט גענומען בײַשפּילן פון פארשיידענע פּאר־
טייען, ער מוז אָבער אליין צוגעבן, אז „א פולשטענדיקע נייטראַלקײַט אין דעם
פּראט איז קימאט ניט פאָרצושטעלן זיך, וואָרעם אויך געלערנטע ביקלאל, און
שפּראכוויסנשאפטלער ביפּראט, זײַנען קוידעמקאָל מענטשן, און ווי מענטשן
קענען זיי ניט אפילע אין זייערע וויסנשאפטלעכע ארבעטן ניט אָפּשפּיגלען
זייערע פּערזענלעכע מיינונגען, וואָס זיי האלטן פאר ריכטיק און גערעכט. אויב
די רעדאקציע פון דער נײַער אופלאגע האָט אין דעם פּראט—אומאָפּהענגיק פון
איר ווילן—אין עפּעס וואָס געפעלט, איז נעמט זי גערן די שולד אף זיך"...
אז די דאָזיקע „פּערזענלעכע מיינונגען" און אָנשוויונגען פון דעם רעדאק־
טאָר זײַנען אייגנטלעך גאָר ניט אזוי פּערזענלעך, נאָר זײַנען אָפּהענגיק פון די
אָנשוויונגען פון דעם „שטאנד, געזעלשאפטלעכן קלאס און אפילע פּארטיי" (אָן
קיינע לאפּקעס—די קאדעטישע פּארטיי איז, לויט אונדזער מיינונג, געווען
א גאנץ רעאלע...—כ. ה.), צו וואָסערער דער דאָזיקער אינדיווידן געהערט, איז
שוין איבעריק צו דערווײַזן, נאָכדעם ווי דער אווטאָר פון דער האקדאָמע האָט
עס אליין שוין פריִער באשטעטיקט.

---

[1]) וועגן דעם „סאָר" פון די לאפּקעס זע ווײַטער, וווּ מיר ברענגען די אויסטײַטשונג פונעם
וואָרט „פּארטיי" אין דעם ווערטערבוך.

אין וואָס זשע באַשטייען אָבער אָט די פּאַרטייִשע אָנשויונגען פונעם רע-
דאַקטאָר, וואָס האָבן אַזוי אופגעבראַכט קעגן אים די לײַט „פון אַ געוויסער
ריכטונג“? און ווי אַזוי האָט ער עס אַרײַנגעבראַכט אינעם ווערטערבוך? שוין אין
דער האַקדאָמע גופא ברענגט באַדוען־דע־קורטענע אַ פּאָר בײַשפּילן צו באַווײַזן
אין וואָס באַשטייט זײַן „פאַרברעך“. מיר ברענגען דאָ איינעם פון זיי:

... „וואָס איז שײַעך באַזונדערע קיצלדיקע ווערטער, איז לאָמיר נעמען
פאַר אַ בײַשפּיל די ווערטער „פּאַטריאָט“ און „פּאַטריאָטיזם“. אַליין פאַר זיך
זײַנען אָט די ווערטער גאַנץ בעקאָוועדיקע און פאַרדינען מע זאָל זיי פאַרשטיין
לויט זייער לעכאַטכילעדיקן קוואַל. אַזוי זײַנען זיי געווען אַלעמאָל און אַזוינע
וועלן זיי מיסטאַמע ווידער אופלעבן אין דער צוקונפט. אָבער ווער איז שול-
דיק, אויב די לעצטע צײַט זײַנען אָט די ווערטער גענומען געוואָרן אין אויס-
שליסלעכער אַרענדע דורך געוויסע „פּאַרטייען“ און גרופּעס, און האָבן דערי-
בער באַקומען — איבעריקס, ניט נאָר אין רוסלאַנד, נאָר אויך אין אַנדערע
לענדער — אַ מערדערישע, פּאָגראָמישע און באַשטראָפערישע שאַטירונג? און
אויסלאָזן אַזעלכע שאַטירונגען, וואָס דאָס לעבן האָט אויסגעאַרבעט, ניט פאַר-
צייכענענדיק זיי, — ווען עס איז דאָ אַ מעגלעכקײַט זיי יאָ צו פאַרצייכענען, —
וואָלט געווען אַ בלויז אין אַ וו״ב פון דער לעבעדיקער שפּראַך“...

מיר האָבן דאָ, הייסט עס, אַ גאַנץ שאַרפע אַרויסטרעטונג קעגן דער דאַמלס-
טיקער „שוואַרצער מייע“. קעדיי אָבער צו קריגן אַ פולשטענדיקע פאַרשטע-
לונג וועגן דעם רעדאַקטאָרס אידעאָלאָגישן פּאָנעם, לאָמיר זיך ווענדן צום וו״ב
גופא און באַטראַכטן די צוגאָבן, וואָס זײַנען אַרײַנגעטראָגן געוואָרן צו דאַלס
טעקסט. מיר וועלן אויך באַטראַכטן אייניקע פאַלן, ווו דער רעדאַקטאָר האָט
גאָרנישט ניט צוגעגעבן צום גרונט־טעקסט. דאָס איז באַזונדערס וויכטיק,
ווען מיר וועלן זיך דערמאָנען, אַז דאַל איז דאָך געווען אַ רעאַקציאָנערער
מאָנאַרכיסט.

די צוגאָבן, וואָס מיר געפינען אין אַ גאַנצער ריי ווערטער, שפּיגלען זייער
בולעט אָפּ די אָפּאָזיציאָנעלע מיינונגען און שטימונגען פון דער ליבעראַלער
אינטעליגענציע ערעוו דעם 1905 יאָר, ערטערווײַז טרעפט איר אַ דירעקטן
אָפּקלאַנג פון די געשעענישן פון דעם לויפנדיקן מאָמענט. בײַ איינעם
אַ וואָרט גייט אַזאַ דערקלערונג: „יענער טייל פון קערפּער וואָס
אין פראַנקרײַך איז ער באַפרײַט פון לײַבשטראָף“ (ב. 1. שפּ. 1361). צום
וואָרט Пàморок (אויף יידיש „פּאַמערקעס“) קומט אַזאַ צוגאָב: „ער (ניקאָלײַ 1)
האָט קימאַט אויסשליסלעך באַנוצט די קראַפט פון פויסט און האָט ניט איבע-
ריקס געמיט זיך צו לאָזן אין גאַנג די רעליגיע אויף צו „פאַרטונקלען דעם
פאָלקס פאַרשטאַנד“. דאָס וואָרט Средостение ווערט פאַרטײַטשט: „אַ
שיידוואַנט צווישן צדאָדים, וואָס דאַרפן דירעקט צווישנאַנאַנד זײַן פאַרבונדן
און צונויפרײַדן זיך“. דאַן קומט אַן איליוסטראַטיווער אויסדרוק: „די שעד-
לעכקײַט פון דער ביוראָקראַטישער „שיידוואַנט“, וואָס ווערט דאָ גופא דער-
גאַנצט פונעם אויטאָר: „צווישן דעם צאַר און דעם פאָלק“. זע אויך
אונטער די ווערטער: Передел, Рептилия Печать, Перебор-
щить, Перевод, און נאָך אַנד. און אָט איז אַן אָפּקלאַנג פון
דער דאַמאָלסטיקער באַציִונג פון דער ליבעראַלער אינטעליגענציע צו
דער רוסיש־יאַפּאַנישער מילכאָמע. בײַם וואָרט Паладин קומט אַזאַ צוגאָב:

„גייט אין דער טיף פון רוסלאַנד, איר ציווילע פּאַלאַדינען פון מילכאָמע ביזן
סאָף, הערט זיך צו צו די רייד פון אָט די גרויע פּאַנטעיִסטן, וואָס האָבן זיך
אומגעקערט פון מאַנדזשוריע אַף צו פאַריכטן דאָס געזונט און האָבן געטראָפן
א כאָרעווע נעסט. דערהויפּט וואָלט געווען ניצלעך א שמועס טאָן מיט פּלאַטאָ-
נען יענע ציווילע פּאַלאַדינען, וואָס ווילן אפילע ניט הערן, וועגן שאָלעם, קאָלו-
מאַן מע האָט ניט גענומען אין געפאַנגענשאַפט און פאַרשמידט אין קייטן דעם
מיקאַדאָ אַליין". איר קריגט דאָרט אַן אָפּקלאַנג פון דעם אַזוי גערופענעם
„פּאָליטישן פּרילינג". צום וואָרט Платформа: „איינשטעלן אָט די פּ ל א ט-
פּ אָ ר מ ע, ד. ה. די מיינונגען, אַף וואָסערע עס קענען זיך צונויפפריידן די
פּאָרשטייער פון דער פּראָגרעסיווער פּרעסע אין רוסלאַנד, איז געווען
די שווערסטע אופגאַבע פונעם צוזאַמענפאָר". צום וואָרט Пестрый איז
געגעבן אַזאַ איליוסטראַציע: „די בונטפאַרביקייט פון פעלקער און גלויבנס
אין רוסלאַנד ברענגט אין פאַרלעגנהייט אפילע אייניקע אופריכטיקע און
אופגעקלערטע אָנהענגער פון אַן אַל-פֿאָלקספאַרטרעטערשאַפט", א. א. וו.
כאַראַקטעריסטיש מיט זייער ליידנשאַפטלעכקייט זיינען די שטעלן, וואָס
זיינען געווענדט קעגן דער „שוואַרצער מייע". צום וואָרט Паразит:
„די „שוואַרצע מייע" איז א דערשיינונג, אָן ספק, א פּ א ר א ז י ט א ר י ש ע,
דעריבער זיינען מיר באַרעכטיקט צו דערוואַרטן דאָרט אַן אַטראָפיע פון
אַסאַך מענטשלעכע אייגנשאַפטן און, פאַרקערט, א פאַרשטאַרקטע אַנטוויקלונג
פון אַנדערע. עס איז אומעגלעך איבערצורעכענען די אַלע פאַלן, ווען
אין דעם פאָלקס לעבן, אויך אין דעם לעבן פון דער רוסישער געזעלשאַפט
טרעטן אַרויס אַפן סצענע דידאָזיקע פּ א ר א ז י ט ן. אַז דאָס לעבן וועט זיך
ענדערן צו ווילשטאַנד און באַזאָרגטקייט, וועט זיך פעלן דער באָדן פאַר דער
פּאַראַזיטאַרישער עקסיסטענץ פון דער „שוואַרצער מייע", אָדער עס וועט היפּש
פאַרקלענערט ווערן די מעגלעכקייט דערפאַר"... צום וואָרט Патриот: „די
ניט גערופענע טרעגער פון עכט-רוסישע אידעאַלן, די אַלע קרושעוואַנס און
קאַרל-אַמאַליִאַ-גרינגמוטס, געפינען פאַר מעגלעך אַרויסצוטרעטן, ווי די אויס-
דריקער פון עכט-רוסישע שטרעמונגען, ווי עכט-רוסישע פּאַטריִאָטן, און רופן
אויסצוטויטן פאַרעטער. די בלינאָווס נעמען זיך ניט איבער מיט זייער פּאַטריִאָ-
טיזם און ווען מיט צאָרן אָפּוואַרפן פון זיך דעם צונאָמען „פּאַטריִאָט", ווי
עפּעס וואָס איז שמוציק, פאַרשמירט מיט די בלוטיקע הענט פון די קרושעוואַנס
און זייער גלייכן. דער פּאַטריִאָטיזם פון די אָכראַנקע-לייט און „שוואַרצער מייע"
איז דירעקט פּראָפּאָרציאָנעל צו דער מעגלעכקייט אומבאַשטראָפט צו ראַבעווען.
„פּ א ט ר ע אָ ט י ז ם" איז פאַרבונדן אומבאַדינגט מיט אַמעראַצעס און מיט די
פּאָדערונגען פון כאַיעשע אינסטינקטן: „א פּיר מיט דער פּלייצע — א פאַרמעסט
מיט דער האַנט". אַף דער פּאָן פון דער שוואַרצער מייע איז אָנגעשריבן דער
קרעדאָ פון „ר-ר-רוסישן פּאַטרעאָטיזם". לויט יעדיִעס, געגוג באַשטעטיקטע, איז
בא די פּריווילִיקע פּיערלעשער-קאָמאַנזעס פאַראַן געווער און זיי זיינען אויס-
געדרעסירט אין א היפּשער מאָס אַף „פּאַטרעאָטיזם".

די געבראַכטע ביישפּילן און נאָך א ריי ענלעכע זיינען קימאַט אַלע געווענדט
קעגן די ווילדקייטן פונעם צאַרישן רעזשים און קעגן דער שוואַרצמייִשער
רעאַקציע. איצט לאָמיר זען דעם רעדאַקטאָרס אייגענע, אַזוי צו זאָגן, פּאָזיטיווע
פּראָגראַם. און מיר האָבן דאָ ווירקלעך, קען מען זאָגן, אַן אויסגעשפּראָכענע

פּאָליטישע פּראָגראַם, דער ליבעראַל, דער קאָנסטיטוציאָנאַליסט טרעט דאָ אַרויס זייער בולעט:

צום וואָרט Партия שרײַבט צו דער רעדאַקטאָר א גאַנצע דערקלערונג, ווי מיר לייענען צווישן אַנדערס: „יעדער פּאַרטיי איז לעבנפעייִק נאָר דאַן, ווען זי שטיצט זיך אָף מאַסן... ...פּאָליטישע פּאַרטייען זײַנען מעגלעך אייגנט-לעך נאָר אין א קאָנסטיטוציאָנעלער מעלוכע, מיט א פּאָלקספּאַרטרעטערשאַפט; ווו עס איז ניטאָ קיין קאָנסטיטוציע, קען אויך ניט זײַן קיין פּאַרטייען אין, עמעצן זינען פון וואָרט; דאָרט קענען נאָר עקסיסטירן „כעוורעס" (сообщества), פאַרשווערונגען א. ד. גל., ווי א מין „סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי", אָבער בעשום אופן ניט קיין אָפענע, אַלגעמיין אָנערקענטע און פרײַ ווירקנ-דיקע פּאַרטייען". באַם וואָרט Революция האָט דער ליבעראַלער רעדאַקטאָר קענטיק, ניט געהאַט וואָס צוצוגעבן צו דאַלס דערקלערונגען. און דאַל דער-קלערט דאָס וואָרט „רעוואָליוציע", ווי מעלוכישע מעהומעס, אַן אופשטאַנד, ער ניצט די ווערטער крамолы, мятеж, возмущение, א געוואַלדזאַמע איבערקערעניש פון בירגערלעכן שטייגער. פון וואָרט-באַנוץ ברענגט דאַל נאָר דעם אויסדרוק „Генерал от революции" („גענעראַל פון רעוואָ-ליוציע"), און דערקלערט עס: „א זידל-וואָרט. א צונעמעניש פאַר מענטשן, וואָס שטרעבן אָן קיין שום זינען אומעטום צו פאַרשווערונגען און איבערקע-רענישן". דאָס זעלביקע איז אויך מיט דעם וואָרט революционер, פאַר וואָסערן דאַל האָט אַזעלכע „סינאָנימען" פאַר א דערקלערונג: мятежник, крамольник, возмутитель, смутник. אונדזער רעדאַקטאָר גיט נאָר צו צו דעם בוקעט דאָס „אָביעקטיווע": „אָנטיילנעמער אין א רעוואָליוציע". כאַראַקטעריסטיש איז דאָס וואָרט Социалист. דאַל שרײַבט: „סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן זײַנען לויטן גײַסט פון זייער לערע געשוואָרענע סאָנים פון יעדער מעלוכע-אָרדענונג". צו דעם שטעלט צו דער רעדאַקטאָר אַן אײַנגעק-לאַמערטן אויסרוף-צייכן [!], ווי דער שטייגער זײַנער באַ דאַלס א ניט באַגרינדעטקײַט, און גלײַך נאָך דעם גייט א צוגאָב: „סאָציאַליסט, אַזאַ וואָס מיינט, אַז ער איז א סאָציאַליסט, אָבער אינדערעמעסן איז ער נאָר אַן אַנאַרכיסט, אָדער א פּרינציפּיעלער רעוואָליוציאָנער"...

אַזוי טרעט פאַר אונדז אַרויס פון צווישן די שורעס פונעם ווערטערבוך א טיפּישע פיגור פון אַן איידעלן ליבעראַלן אינטעליגענט פון יענער צײַט, וואָס האָט געגוג בירגערלעכע מוט, מוז מען מודיע זײַן, גאַנץ שאַרף אַרויסצו-טרעטן קעגן די בלוטדורשטיקע פּאָגראָם-פּאַטריאָטן (אָפן פּאָן פונעם טעקסט פון דעם גרויסרוסישן שאָוויניסט און מאָנאַרכיסטישן פּאַטריאָט דאַל, קלינגט עס ערטערווײַז באַזונדערס פּיקאַנט), זײַנע אַרויסטרעטונגען אָבער זײַנען ריין הו-מאַניסטישע, אַזוי צו זאָגן. אַליין גלויבט ער נאָר אין קאָנסטיטוציע (ווי אַזוי װעט זי געבאָרן ווערן? פון זיך אַליין?), דאַן אפּאָנעם, וועט עס קומען דער עמעסער ווילשטאַנד (פאַר וועמען?), עס וועט פאַרשווינדן (פון זיך אַליין?) דער כוליגאַניש-פּאַטריאָטישער פּאַראַזיטיזם, און עס וועלן ווירקן „עמע-סע" פּאַרטייען, אָן לאַפּקעס. פאַר יעדער סימען פון רעוואָליוציע ציטערט ער, רעוואָליוציע איז פאַר אים א סינאָנים פון אַנאַרכיע און פאַרשווערונג, סאָציאַליסט איז פאַר אים א גאַנץ נעפּלדיקע זאַך, אַלנפאַלס עפּעס אַזוינס, וואָס שמעקט מיט רעוואָליוציע, ד. ה. גאָר ניט קיין סימפּאַטישע זאַך. וועגן גע-

זעלשאפטלעכע קלאסן האָט ער גאָרנישט וואָס צו זאָגן, בלײַבט עס אלפּי
דאל אויסגעטײַטשט מיט איין וואָרט сословие — שטאנד. נו, און פּראָ־
לעטאריאט ? ווי אזוי ברענגט ארײַן דער „אָביעקטיוו-אומפּארטײיִשער״ רע־
דאקטאָר אָט דאָס נײַע, וואָס איז פארבונדן מיטן דאָזיקן וואָרט אין „יענע מע-
הומע-יאָרן״? אזא פּארטיי ר.ס.ד.א.פּ. איז דאָך מיסטאמע געווען באקאנט דעם
רעדאקטאָר, זאָל זײַן ער האָט זי אויך גענומען אין לאפּקעס (וועגן „סאָציִא־
ליסטן־רעוואָליוציִאָנערן״, ווי מיר האָבן געזען, האָט ער יאָ געהערט), איז וואָס
פאר א באטײַט האָט אָט די פּארטיי ארײַנגעלייגט אין דעם וואָרט „פּראָלע־
טאריי״? אָט וואָס מיר געפינען אינעם ווערטערבוך: דאָס וואָרט „פּראָלע־
טאריי״, „פּראָלעטאריִאט״ טײַטשט אויס דאל מיט די באגריפן: היימ-
לאָזיקער, ערדלאָזיקער, ליידיקגייערישער אומזיסט־עסער (захребетник).
דער רעדאקטאָר גיט נאָך צו: ערשטנס, אז דאָס וואָרט שטאמט פון לאטײנישן
Proletarius, צווייטנס, — צוויי רעדנסאַרטן: „גערמאנישער אָרגאניזירטער
פּראָלעטאריִאט״ און „פּארברעכערישער פּראָלעטאריִאט פון די פּארוואָרפענע
לעכער (трущобный)״. דאָס הייסט, דאלס „אויסטײַטשונג״ בלײַבט ניט
נאָר ניט גערירט, נאָר אפילע אין א געוויסן זינען פארברייטערט. עס בלײַבט
נאָר ניט אינגאנצן פארשטענדלעך, וואָס וועט דאן באטײַטן „גערמאנישער
אָרגאניזירטער פּראָלעטאריִאט״ — אָרגאניזירטע פארברעכער, בראָדיאגעס? קעדיי
צו דערגאַנצן דאָס בילד, וועלן מיר נאָך ברענגען אָט די שטעלן: אונטערן
וואָרט золотая рота (אינגאנצן דעם רעדאקטאָרס א צוגאָב) שטייט צווישן
אנדערן: „איראָנ. פּאראכטל. — א צעלאָזענע כאליאסטרע בראָדיאגעס, א קאָמ-
פּאניע באָסיאקעס און פּראָלעטאריִער״... דאָס זעלביקע אונטערן וואָרט
золоторотец (אויך אינגאנצן דעם אווטאָרס א צוגאָב): „בראָדיאגע,
באָסיאק, פּראָלעטאריִער״...

* * *

מיט איין וואָרט — יעדער מאָל ווען מיר טרעפן זיך אָן מיט דער אונטער-
נעמונג פון א גרויסן ווערטערבוך, זעען מיר פאר זיך בעפיירעש אויסגעשפּראָ-
כענע קלאסן-צילן, פּארטײיִשקײַט, אויסגעדריקט אין אזא אָדער אן אנדער
פאָרמע. שוין די געבראכטע בײַשפּילן באווײַזן, אז די דאָזיקע צילן בלײַבן ניט
קיין הוילע דעקלאראציעס אין דעם פאָרוואָרט. די אווטאָרן זעען שטענדיק צו
פארווירקלעכן זיי אין דעם ווערק גופע. דערצו איז ניט אלע מאָל אומבאדינגט
נייטיק אזעלכע אָפנפּאָליטישע פּאָרמולירונגען און פּאמפלעטישע אויספאלן, ווי
מיר טרעפן, לעמאָשל, בא דזשאנסאָנען צי בא באָדוען־דע־קורטענע. אין א וו״ב
קענען די דאָזיקע צילן דערגרייכט ווערן אויך מיט אנדערע מיטלען, ניט אזעלכע
אופאלנדיקע. די קלאסן-טענדענץ קריגט איר אָפּשפּיגלונג סײַ אין דעם אָפּ-
קלײַב פון די ווערטער, וואָס מע נעמט ארײַן אין וו״ב, נאָכמער אין דעם פּרא-
זעאָלאָגישן און איליוסטראטיוו-ליטעראַרישן מאטעריִאל, סײַ אין דער אויס־
טײַטשונג פון די ווערטער. דאָס אלץ זײַנען מיטלען אף צו העלפן פארשפּרייטן
און ארופצווינגען אף אלע קלאסן פון פאָלק די אידעאָלאָגיע פון דעם הערשנ-
דיקן קלאס.

מיר האָבן שוין דערמאָנט וועגן דעם פראנצ. אקאד. וו״ב. מיר וועלן זיך דאָ
אָפּשטעלן נאָר אף די פּרינציפּן פונעם ווערטער־אָפּקלײַב אין אים. צוליב דעם

װעלן מיר נעמען אַן אַרױסזאָגונג גראָד פֿון אַזאַ אײנעם, װאָס װיל (אי־
1865 יאָר) דאַפֿקע באַרעכטיקן מיט אַלע מיטלען אַפֿילע די שױן פֿון אַלעמען
אָנערקענטע פֿעלערן פֿון דעם װערטערבוך און אונטערהאַלטן זײַן אױטאָריטעט,
װי פֿון דעם העכסטן ריכטער אין שפּראַך־פֿראַגעס. די קלאַסן-טענדענץ אין
דעם װערטער־אָפּקלײַב פֿונעם װערטערבוך טרעט אָבער אַרױס אין דער דאָזי-
קער כאַראַקטעריסטיק אַזױ בולט, ניט געקוקט אױף דער גאַנצער אַפּאָלאָגעטיק
פֿון איר אױטאָר, אַז עס איז גאָר איבעריק צו קאָמענטירן זי. אָט װאָס עס
שרײַבט לאַרוס [1]:

„...די פֿראַנצײזישע אַקאַדעמיע האָט קײנמאָל ניט געפּרעטענדירט צו מאַכן
אַן אוניװערסאַלן װ״ב, ד. ה. אַ װ״ב, װאָס זאָל אַרײַנעמען אַלע װערטער
װאָס קענען באַנוצט װערן בײַ אַלע מעגלעכע געלעגנהײַטן און דורך אַלע
פֿראַנצײזן, אומאָפּהענגיק פֿון זײער סאָציאַלער לאַגע און דער געװײנטלעכער
נאַטור פֿון זײערע באַשעפֿטיקונגען; זי האָט קײנמאָל ניט געהאַט דעם געדאַנק
אױפֿצושטעלן אַן ענציקלאָפּעדיע, אָדער צומישן צו דער שפּראַך פֿון דער
גאַנצער געזעלשאַפֿט די שפּראַך, װאָס װערט באַנוצט נאָר אין געװיסע מעלאָ־
כעס, אין באַשטימטע פֿאַכן און װאָס האָבן אַ גאַנץ ספּעציעלן כאַראַקטער; פֿון
אָט דעם אַלגעמײנעם קלאַל האָבן זײ געמאַכט אַן אױסנאַם נאָר פֿאַר אַזעלכע
װערטער, װאָס זײַנען באַשײַמפּערלעך פֿראַנצײזיש פֿון סאַמע אָפּשטאַמונג, װען
אָט די װערטער האָבן זײ געקענט אױסזען פֿאַר גענוג װיכטיק ניט אױסגע-
לאָזט צו װערן. זײער ציל איז, זעט אױס, געװען אַזאַ: מאַכן באַקאַנט אַלע
װערטער, מיט װאָסערע עס קענען זיך באַנוצן ליטעראַטאָרן, פּובליציסטן, אָראַ-
טאָרן, פּראָפֿעסאָרן, מענטשן פֿון דער געזעלשאַפֿט, דער ברײטערער עולם,
װען ער האָט דעם װילן צו רײדן אַן עמעסן פֿראַנצײזיש און ניט קײן זשאַר-
גאָן. טערמינעס פֿון מילכאָמע-קונסט, פֿון יאַם־פֿאָרערײַ, פֿון פּאָליטישער עקאָ-
נאָמיע זײַנען דערלאָזן געװאָרן אין אַ גענוג גרױסער צאָל, קעדײ סע זאָל זײַן
מעגלעך פֿאַר יעדערן, װאָס װײס זײ, צו פֿאַרשטײן אַלץ װאָס מע שרײַבט
װעגן אָט די אינינאָנים פֿאַר דעם עולעם. פֿון געאָמעטריע און ביקלאַל פֿון
מאַטעמאַטישע װיסנשאַפֿטן איז ניט אױסגעלאָזן געװאָרן קײן װאָרט, װאָס די
יוגנט דאַרף זיך מיט אים טרעפֿן בײַם שטודירן אין די קאָלעזשן און ליצײען:
ראָמב, פּאַראַלעלעפּיפּעד, אַסימפּטאָטע, מאָנאָם, בינאָם א. אַז. װ. זײַנען דער-
פֿאַר פֿאַרטײַטשט, כאָטש לױט זײער געלערנטן אױסזען װאָלט זיך געדאַכט, אַז
זײ דאַרפֿן זײַן שײַעך צו ספּעציעלע טערמינעס, װאָס זײַנען אָנגענומען בײַ אַ
ספּעציפֿישן קלאַס געלערנטע. װאָס איז שײַעך טערמינעס פֿון העראַלדיקע, גע-
יעג, פֿאַרשײדענע שפּילן, האָט די אַקאַדעמיע אַזעלכע אַרײַנגעשטעלט אױך
אין אַ גרױסער צאָל, כאָטש סע װאָלט דאָך געדאַכט, אַז זי װאָלט פֿיל פֿון זײ
געדאַרפֿט אױסשליסן, און דערבײַ האָט זי געהאַט שױן גאָר אַן אַנדער מאָטיװ:
זי האָט געהאַלטן, אַז מע דאַרף זײ אױפֿהיטן, װײַלע זײ שטאַמען מערסטנס
פֿון אַ דורכױס נאַציאָנאַלן קװאַל, און אין דער הינזיכט קען מען זײ באַ-
טראַכטן װי קאָסטבאַרע שפּורן, װאָס אונדזער אַלטע שפּראַך האָט אונדז אי־
בערגעלאָזן. גאָר אַנדערש איז עס מיטן שלאַל װערטער, װאָס עס שאַפֿן די
כימיקער, געאָלאָגן, פֿיזיקער און, דערהױפּט, באָטאַניקער. ערשטנס, זײַנען זײ

---

[1]) דאָס ציטירטע װערק, Préface, זז. VIII—IX.

ניט שײַעך צו דער שפּראַך פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿט, און, אַחוץ דעם,
האָבן זיי א פיזיאָגנאָמיע אזא מאָדנע, לאָמיר זאָגן דאָס וואָרט, א באַרבאַרישע, אַז
די וואָס ווילן פאַרהיטן אונדזער שפּראַך דאַרפֿן גאָר ניט פאַרלאַנגען אפילע,
זיי זאָלן ווערן צו פיל באַקאַנט... ...אויב ס'איז [דעו' אקאדעמיע] געפעלן גע-
ווען צו באַרײַכערן אירע זײַטלעך מיט זייער א גרויסער צאָל ווולגאַרע ווערט-
לעך, ווי פיל האָבן עס איר אופגעוואָרפן, איז דאָס ווידער טאַקע, ווײַלע זי
האָט ליב אַלץ, וואָס איז עכט פראַנצייזיש לויט דער אָפּשטאַמונג, און פאַקטיש
איז דאָך נאָר אין די גלײַכוווערטלעך קענען מיר אַמבעסטן ווידער געפינען אָט
דעם מין נאַיוון און צו דער זעלביקער צײַט שטיפערישן גײַסט, וואָס האָט
כאַראַקטעריזירט אונדזערע אורעלטערן, וויבאַלד מיר לייענען מער ניט זייערע
ווערק, כאָטש מיר קענען דאָרט שטענדיק געפינען גאַנץ שאַרפזיניקע געדאַנ-
קען, אַמאָל פיל קליגערע, איידער בא אונדזערע מאָדערנע שרײַבער"...

מיר האָבן שוין געזאָגט, אַז עס איז גאַנץ איבעריק צו קאָמענטירן די דאָזיקע
אַרויסזאָגונג, און ניט פּאָלעמיזירן מיט לאַרוסן, א בורזשואַזן פיליסטערישן
אַפּאָלאָגעט פון אַריסטאָקראַטישער העגעמאָניע אין שפּראַך, איז דאָ אונדזער
ציל. מיר ווילן נאָר צוגעבן, קעדיי אינגאַנצן קלאָר צו מאַכן דעם איניען, איין
קליינע דערקלערונג וועגן די „ווולגאַרע ווערטלעך", וואָס באַהאַלטן עס אין זיך
דעם פראַנצייזישן נאַציאָנאַלן געני. עס האַנדלט זיך אָט וועגן וואָס: די אקאַ-
דעמיע, וואָס האָט געהאַט א ציל צו אופהיטן און אַרופּצווינגען די ראַפינירטע
שפּראַך פון דער אַריסטאָקראַטיע, האָט זיך ניט געשײַעט אַרײַנצונעמען אין
ווערטערבוך די אומגאַנג-שפּראַך פון די אַריסטאָקראַטן ניט נאָר ווי זי איז
אויסגעקינסטלט געוואָרן אין די סאַלאָנען, נאָר אויך א היפּש ביסל פון דעם
עלעמענט אירן, וואָס די דאָזיקע אַריסטאָקראַטן האָבן מיטגעבראַכט פון אַזאַרט-
שפּיל-פּלאַץ, טרינקהויז און שאַנדהויז...

* * *

אין 1865 האָט פיער לאַרוס אָנגעהויבן דרוקן זײַן גרויסן פראַנצייזישן
ווערטערבוך (Grand Dictionnaire Universel du XIX siècle=גרויסער
אוניווערסאַלער ווערטערבוך פון 19-טן יאָרהונדערט). צוואַנציק יאָר האָט גע-
דויערט די צוגרייטונג און זאַמל-אַרבעט צום וו"ב און עלף יאָר האָט געדויערט
דאָס אַרויסגעבן אים — דער לעצטער באַנד איז אַרויס אין 1876, א יאָר
נאָך דעם אויטאָרס טויט. דער ווערטערבוך איז ניט נאָר א שפּראַכלעכער, נאָר
אויך אַן ענציקלאָפּעדישער. ער איז באַזאָרגט מיט א גרויסער האַקדאָמע (גע-
שריבן אין דעם זעלביקן 1865 יאָר), ווו דער אווטאָר גיט אַן איבערזיכט איבער
פאַרשיידענע לעקסיקאָנען אין פאַרשיידענע שפּראַכן און דערציילט וועגן דער
ציל-אײַנשטעלונג און דעם כאַראַקטער פון זײַן אייגענעם ווערק. ער גלויבט,
אַז די הויפּט-אידייע, וואָס באַגײַסטערט זײַן ווערק, דאָס איז דער קרעדאָ פון
פראַנקרײַך, „וואָס קערט זיך אום צוריק, נאָך העכער פון א האַלבן יאָרהונדערט
בלאָנדזשעניש, צו איר עמעסער פּאָליטישער און פילאָזאָפישער טראַדיציע, צו
די אידייעס, וואָס האָבן באַגײַסטערט די נעשאָמעס פון אונדזערע עלטערן"
וואָס זשע זײַנען עס פאַר אַן אידייעס? און ווי אַזוי איז עס געשען אָט דאָס
גליקלעכע אומקערן זיך פון פראַנקרײַך אין 1865 יאָר צוריק אַפן ריכטיקן וועג?
איז לאַרוס אַזוי באַגײַסטערט פון „נאַפּאָלעאָן דעם קליינעם"? אָדער עפּשער

פאַרקערט, דער ריכטיקער וועג, אַף וואָסערן עס פירן „די אידייעס וואָס האָבן באַגייַסטערט די נעשאָמעס פון אונדזערע עלטערן", דאָס איז דער וועג פון 1789־טן יאָר? לאָמיר הערן, וואָס דער אווטאָר אליין זאָגט וועגן דעם „ערלעכן לאַיאלן און ניט פאַרטייִשן גייַסט", וואָס האָט מיט אים אָנגעפירט באַם רע-דאגירן יעדער ארטיקל פון זייַן ווערק, און וואָס ער גלויבט, אַז ער איז אין פולער „הארמאָניע מיט דער ריכטונג און האָפענונגען פונעם דאָר": „מיר זייַנען, — שרייַבט לארוס, — איינער פון די, וואָס זייערע בליקן זייַנען געווענדט צו דער צוקונפט, וואָס ווייסן צו געבן גערעכט דער פאַרגאַנגענהייַט, אָבער וואָס עס פאַרדריסט זיי אַף גאָרנישט פון איר, און וואָס וואָלטן, דערהויפּט, ניט געוואָלט זען צוריק אופגעשטעלט דאָס, וואָס איז כאָרעוו געוואָרן, דורך וואָס פאַר א מיטל עס זאָל ניט זייַן. מיר ווייסן עס, מיר זעען עס יעדן טאָג ווי מע קליגט זיך אונטערצושפּאַרן די אלטע שטיק-סלופּעס, וואָס געוויסע טיילן זייערע האַלטן זיך נאָך; מע ווענדט אָן אלץ, קעדיי צו פאַרלענגערן אַף אייניקע, מאָמענטן די עקסיסטענץ פון א וועלט, וואָס פאַלט פאַנאַנדער פון אלע זייַטן; מע ווערט אויסגעשעפּט אין אומעכטיקע אָנשטרענגונגען צו גאַלוואַניזירן א טויטן קערפּער; עס דערנעענטערן זיך אָבער די צייַטן, ווען א נייַער דאָר, איינגאַנצן באַפרייַט פון די פּענטעס פון דער פאַרגאַנגענהייַט, וועט זען דעם אָנקום פון אַן ערע, וואָס וועט איינגאַנצן איבערגעשטאַלטן די געזעלשאַפט. דער זאָמען, וואָס דער 89-טער האָט פאַרפלאַנצט, איז אַזאַ, וואָס קען קיינמאָל ניט אומקומען; ער וואָלט שוין לאַנג אויסגעוואָרצלט געוואָרן, ווען אַזוינס וואָלט געקענט זייַן; נאָר, געגליכן צו א קונציקער פּרוזשינע, וואָס ווען מע דריקט צו איין עק אירן, הייבט זיך אוף דער צווייטער, אַזוי דוכט זיך אמאָל, אַז ער [דער זאָמען] ווערט דערשטיקט, אָבער נאָר קעדיי צוריק צו געווינען אין עט-לעכע טעג, וואָס עס איז פאַרלאָרן געגאַנגען אין אייניקע יאָר, דאָס איז די ווירקונג פון א שפּראָצונג־קראַפט א געהיימער, א מעכטיקער און אומווידער-שטאַנדלעכער. די זון האָט אירע פאַרפינצטערונגען, די פרייַהייַט קען זיי אויך האָבן, ביז דעם טאָג, ווען אַן אויסגעלייזטע איינמאָל פאַר אלעמאָל פון אלע שטערונגען, וועט זי, די גרויסע, זיך אומקערן פון איר גאָלעס און וועט זיך נויקעם זייַן נאָר דורך *אויסגיסן שטראָמען ליכט אַף אירע פּינצ-טערע לעסטערער*"... אָ, ווי לאַיאַל און ווי גרויסמוטיק! און פאַרוואָס טאַקע ניט? וויבאַלד די „פרייַהייַט" פאַרמאָגט אין זיך אַזאַ וווּנדערלעכע געהיימע קראַפט, אין דאָך טאַקע ניטאָ וואָס אראָפּצופאַלן בא זיך און וואָס צו באַומרויִקן זיך. מע דאַרף נאָר גלויבן אין פּראָגרעס און ניט פאַרקריגן זיך מיט א וועלט, וועט שוין אלץ זייַן גוט. ניט אומזיסט איז אונדזער אווטאָר אַזאַ אָנהענגער פון דעם קליינעם ערד-אייגנטום און אַן אפּאָלאָגעט פון קאַפּיטאַליסטישער האַכ-נאָסע (וואָרעם קאַפּיטאַל איז, ערשטנס, „אָפּגעשפּאָרטע, אָנגעזאַמלטע אלטע האָרעוואַניע און, צווייטנס, „פאַרמערט ער די פּראָדוקטיווקייַט פון נייַער אַר-בעט" — א רייַע, דער וואַסערפירער מיט זייַן קאַפּיטאַל — דעם פעסל. זע ב. 13, ארטיקל Propriété [=אייגנטום]). דער ליבעראַל וויל סע זאָל זייַן רויִק. די וואַקכאַנאַליע פון בירזשע-ספּעקוליאַנטן און פינאַנציעלע אַוואַנטיוריסטן אונטער דעם פּאַטראָנאַט פון נאַפּאָלעאָן דעם 3-טן איז אים טאַקע ניט צום האַרצן, אָבער א רעוואָליוציע איז דאָך א געפערלעכע זאַך. דאָס הייסט, אין פּרינציפּ איז ער ניט קיין קעגנער פון רעוואָליוציע, פאַרקערט, עס איז אַמאָל אפילע

גוצלעך צו „האַלטן אין קעשענע״ א רעוואָלוציע, קעדיי אָנצושרעקן דעם דעס־פּאָט. אָבער טאַקע נאָר ווען מע האַלט זי אין קעשענע, וואָרעם, סאָפּקאָלסאָף, גלויבט ער, וועט די „פרײַהייט״ זיגן, דער איקער איז—מע דאַרף זײַן פּאָרזיכ־טיק: „פון שטאַנדפּונקט פון פּאָשעטער גערעכטיקייט קען מען ניט באַרעכטיקן, אָדער, לעפּאָכעס, מויכל זײַן דעם מענטשן, וואָס רופט אַרויס אַן אויפשטאַנד, סײַדן עס זאָלן צונויפאַלן צוויי באַדינגונגען: 1) אַז עס זאָלן טעגלעך באַגאַנ־גען ווערן פון די מאַכטהאָבער אָפענע און שרײַענדיקע מיסברויכן; 2) אַז גאַנץ זיכערע סימאָנים זאָלן באַווײַזן באַ אַ גרויסן טייל פון דער באַפעלקערונג אַ קלאָר אויסגעשפּראָכענע גענייגטקייט צו באַטייליקן זיך אין דער באַוועגונג קעדיי צו פאַרזיכערן איר דערפאָלג. ווען די דאָזיקע באַדינגונגען זײַנען ניטאָ, איז דער מענטש, וואָס פּרוּווט מאַכן אַ ר ע וו אָ ל י ו צ י ע, ווען זי האָט ניט קיין שום שאַנס צו פאַרענדיקן זיך מיט דערפאָלג, באַגייט ער ווירקלעך אַ גרויסן פאַרברעך״... (זע ב. 13, אַרטיקל Révolution). דער איקער איז אויס־מײַדן עקסטרעמקײַטן, זײַן לאָיאַל צו אַלעמען. אויב נויקעם זײַן זיך, איז... מיט „גיסן שטראָמען ליכט״. די „פרײַהייט״, דער פּראָגרעס פון דער וויסנשאַפט און ציוויליזאַציע האָבן שוין אין זיך אַליין אַזאַ קויעך, אַז דער עמעס און די גערעכטיקײַט וועלן „סײַ ווי סאָפּקאָלסאָף טריומפירן. „מיר לעבן אין אַן עפּאָכע ווען די פיבערהאַפטיקע טעטיקײַט פון די מויכעס, אָפּגעקערט מיט קראַפט פון פּאָליטישע ספּעקולאַציעס, האָט ווי אָפּגעשטעלט זיך אויף אַ ווײַלע צו באַטראַכטן זיך, קעדיי דערנאָכדעם אַ לאָז טאָן זיך, מיט אַן אומווידערשטאַנדלעכן ברען, אויף אַ טעטיקײַט־פעלד, ווו די וויסנשאַפטן און קונסטן עפענען פאַר איר אַן אומבאַגרענעצטן האָריזאָנט״. אַלע זײַנען איצט אַרומגעכאַפּט, זאָגט ער, מיט אַ דורשט צו וויסן, פאַרשטיין; דערבײַ וויל מען אַלץ אויפנעמען קריטיש, מיטן אייגענעם סייכל; די צײַטן פון בלינדן גלויבן זײַנען שוין אַוועק אויף שטענדיק.

צו באַפרידיקן אָט די באַדערפעניש קומט דער „גרויסער אוניווערסאַלער ווערטערבוך פון 19-טן יאָרהונדערט״. עס איז, דאַכט זיך, ניטאָ אַזאַ געביט פון וויסנשאַפט און קונסט, קולטור און שטייגער, וואָס זאָל ניט זײַן פאַרגעשטעלט אין דעם לעקסיקאָן. דער אַוטאָר פּרעטענדירט צו זײַן אינגאַנצן אומפּאַרטייִיש און לאָיאַל. ער באַהאַנדלט יעדער וועלטאָנשויונג: „מאַטעריאַליזם, ספּיריטואַ־ליזם, אַנימיזם, סענסואַליזם, אידעאַליזם, מיסטיציזם, עקלעקטיזם, פּאָזיטיוויזם, סען-סימאָניזם, פוריעריזם א. אַז. וו. ווערן אויסגעהערט און קומען אַלע מיט גלײַכן רעכט אויסצולייגן זייערע טײַנעס אויף אונדזערע שפּאַלטן. מיר גיבן לויט דער ריי דאָס וואָרט דעם סאָציאַליזם און עקאָנאָמישן ליבעראַליזם; דער פּראָ־טעקציאָנס-סיסטעם און פרײַען האַנדל״ א. אַז. וו. א. וו. פאַר אַלץ און אַלעמען גיט דער ווערטערבוך „פרײַהייט פון וואָרט״. דאָס הייסט ניט, אַז דער אַוטאָר זאָגט זיך אָפּ אינגאַנצן פון אַרויסצוזאָגן זײַנע אייגענע מיינונגען, פאַרקערט, זײַנע אויספירן מאַכט ער יאָ, נאָר זייער באַשיידן און אײַנגעהאַלטן. קיינעם ניט ווײ צו טאָן און ניט פאַרורטיילן איז זײַן ציל, ווי ער זאָגט, נאָר „אָנצינדן אַלע פאַקעלן״...

אָט דער דאָזיקער ליבעראַליזם, די לאָיאַלקײַט צו אַלץ און אַלעמען פאַר־פלייצט דעם לעקסיקאָן מיט אַזאַ פאַרעוו-בוימלדיקן שטראָם, ווו נאָר אַ סטירע, אַ שאַרפערער קעגנזאַץ, ווערט עס גלײַך פאַרגלעט, פאַרשמירט מיט נודנעם מאָראַליזירן וועגן „פרײַהייט״ און בירגערלעכע טוגנטן. דער שטאַרק באַריי־

דעוודיקער אוטאָר ווערט ניט מיד צו דערציילן. צוגלײַך מיט ערנסטער אינ־פאָרמאציע, איז דער ווערטערבוך אָנגעפּראָפּט מיט באַלעבאַטישע כקירעס[1] מיט פּלוידער־מײַסעס און אנעקדאָטן וועגן קיניגן, פּרינצן, „גרויסע מענטשן", פּלינקע וואָנטיוריסטן א. ד. גל. „לייענשטאָף". דאָס אַלץ האָט געמאכט דעם לעקסיקאָן פאר א באַליבטן לייענבוך אין בירגערלעכע הײַזער, א מין מאָדערנע „צענערענע" פון 19־טן יאָרהונדערט.

וואָס איז שײַעך דעם ריין שפּראַכלעכן טייל, איז ווילן מיר זיך אָפּשטעלן דערווײַלע נאָר אף איין מאָמענט. דער אוטאָר ניצט אויס פאַרן ווערטערבוך ניט נאָר די אַלטע שרײַבער, ער גיט אָפּ א גרויסן אָרט אויך פאר די נײַע שרײַבער. „יעדער שרײַבער מיט טאלאנט, צו וואָס פאר א צײַט, אָנשויונג און וואָס פאר א ספּעציאַליטעט ער זאָל ניט געהערן, האָט בײַגעשטײַערט פאר אונדזערע שפּאַלטן". ער האלט, אז, פאר זיך גענומען, האָט ניט די שפּראַך קיין געש־טעלטע דאָקטרין, וואָרעם זי דארף זײַן אן אינסטרומענט פאר דעם אטעיִסט, פּונקט אזוי ווי פאַרן פאנאטישסטן גלויביקן, פאר דעם סאמע עקזאלטירטן רעוואָליו־ציִאָנער, פּונקט אזוי ווי פאַרן אָנהענגער פון אומבאוועגלעכער אינערטקײַט, און א מין עקלעקטיזם איז די איינציקע סיסטעם, וואָס קען זיך פאר איר פּאסן". דער עקלעקטיזם אינעם ענציקלאָפּעדישן טייל ווערט מאָטיווירט מיט ליבעראַלער „פרײַהײַט פון מיינונגען" און דעם אוטאָר קומט דאָרט אויס נאָר יעדער מאָל ארויסצוזאָגן „באשיידן און אײַנגעהאלטן" זײַן אייגענעם אויספיר. אינעם שפּראַכלעכן טייל איז אפילע דאָס אויך ניט נייטיק, וואָרעם דער עקלעקטיזם איז דאָ, אזוי צו זאָגן, אן אָרגאנישע דערשײַנונג, און דער אוטאָר ציטירט שטעלן פון ווערק מיט א סאמע פארשיידנסטן אינהאלט, ניט האלטנדיק פאר נייטיק צו געבן זײַנע ציטאטעס א וואָסער ניט איז אידעאָלאָגישע אָפּשאצונג — עס איז דאָך מער ניט ווי שפּראַך, אן אוניווערסאַלער אינסטרומענט... צו באקו־

---

1) אָט איז, לעמאָשל, א היפּשער ארטיקל „מארקס (קארל)". (ב. 10. ז. 1292). איר קריגט דאָרט א גאנץ ריכטיקע ביאָגראפיע פון מארקסן, באשריבן די ראָלע פון מארקסן אין 1־טן אינטערנאציאָנאל, זײַן קאמף מיט באקונינען, עס ווערן דערמאָנט די וויכטיקסטע ווערק זײַנע און אז. וו. דערבײַ ווערט געגעבן אזא מין כאראקטעריסטיק פון מארקס לערע: „פון דער עפּאָכע אָן האלט זיך דער הער מארקס, דער עמעסער פאָטער פון דער קאָמוניסטישער לערע, וואָס מע רופט לאסאליזם, בא פעסט אײַנגעשטעלטע פּרינציפּן. אָפּווארפנדיק מיט איין מאָל די טעאָריעס פון סענסימאָן, פוריע, קאבע, פּרודאָן, לוי־בלאן א. אנד., פּרעטענדירט ער צו האָבן געגרינדעט א „וויסנ־שאפטלעכע שול"; לויט אים נאָך דארף מען די פארגאנגענהײַט באטראכטן גלײַך ווי זי וואָלט ניט עקסיסטירט, און די געזעצן פון דער געזעלשאפט פון דער צוקונפט זוכן נאָר אין עקספּערימענטא־ליזם. דער וויסנשאפטלעכער סאָציאַליזם דארף נעמען פאר אן אויסגאנג־פּונקט די ארבעטן פון די ביוכנערס, פון די דארווינס, די אנטדעקונגען פון דער מעדיציניִשער פילאָזאָפיע, און קעדיי צו גרינדן די נײַע געזעלשאפט, דארף מען זיך שטיצן אף שטודירן דעם געבוי פונעם מענטשלעכן וועזן, אף דער אנאטאָמיע, אף דער סאָציאָלאָגיע און אנטראָפּאָלאָגיע. מיט איין וואָרט, לויט דער דאָזיקער טעאָ־ריע, איז דער מענטש ניט א וועזן מיט קאָמפּליצירטע באגאבונגען, מיט ווידערשפּרעכלעכע באדער־פעניִשן, נאָר א מין מאשין,מיט באשטימטע און אומפארענדערלעכע באוועגונגען, פון וואָס עס איז בעדרונגען, אז דאָס רעכט פונעם יאָכיד דארף מען פאָרמולירן לויט אן עקזאמינירונג פון זײַנע אָרגא־נען, און די געזעלשאפטלעכע און אינטערנאציאָנאלע רעכטן — לויט די כאראקטערס פון די מענטש־לעכע ראסעס".

נאָך אזא מין פּלוידערײַ, קומט א באשרײַבונג פון מארקס היימישן לעבן און עס ווערט „באש־טעטיקט", אז אָט דער „שרעקלעכער רעוואָליוציִאָנער" איז פּערזענלעך א העכסט ערלעכער מענטש און פירט א לעבנשטייגער פון אן עכטן רויִקן דײַטשישן בירגער און פאמיליען־מענטש...

מען א פאָרשטעלונג, צו וואָס פאר א בוקעטן פון פינצטערער רעאקציע און ביר־גערלעכער צוויִעס די דאָזיקע ליבעראלע אָנשוויונגען פונעם אוטאָר ברענגען גאנץ אָפּט, וועלן מיר נעמען כאָטש איין ביישפיל פון דעם ליטעראַרישן מאטע־ריאל, וואָס ווערט געגעבן אין דעם ריין שפראכלעכן טייל. אָט איז א ציטאטע גענומען אף טראף: 1) „אומעטום ווו עס האָט זיך איינגעשטעלט פרייהייט פון דער פרעסע, האָט עס מילדער און רייגער געמאכט די זיטן" (שאטאָבריִאן). „דער מענטש האָט ניט קיין אנדער מיטל צו פארלייכטערן זיין גוירל אכוץ פראקטיקירן טוגנט" [דאָס הייסט „דאָבראָדיעטיעל"...]. „זאָגט די טעכטער, אז מע דארף זיין באשיידן, וואָרעם זיי וועלן דארפן לעבן נאָר צוליב איין מענטשן, האווירן אים, קעדיי צו בארויקן זיין געמיט". „בא די גרויסע קריזיסן איז דער גוירל פון די פרויען מילדער צו מאכן אונדזערע צאָרעס" (נאפּאָלעאָן דער ערשטער). „די מאניר צו פריזירן זיך מאכט מילדער דעם אויסדרוק פון געזיכט אָדער מאכט עס ניט אזוי הארט" (אקאד...). די דאָזיקע ביישפילן, גענומען פון איין ארטיקל אינעם וו"ב, וואָלט מען זייער לייכט געקענט פארמערן, אפילע פון דעם מאטעריאל פונעם זעלביקן ארטיקל.

.4

מיר האָבן געזען א ריי, אזוי גערופענע, אקאדעמישע ווערטערביכער, ווי דער איטאליענישער „קרוסקא"-וו"ב, דער פראנצייזישער אקאדעמישער, דער ענגלישער דזשאנסאָנס, וואָס שטעלן פאר זיך א קלאָר אויסגעשפּראָכענעם ציל — פארפיקסירן די הערשאפט פון דער שפראך פונעם הערשנדיקן קלאס — פון דער גרויס-בורזשואזיע, צי פון דער אריסטאָקראטיע.

אין אָנהייב 19-טן יאָרה. טרעט ארויס דער גרונטלייגער פון דער אמערי־קאנער לעקסיקאָגראפיע וועבסטער (זיין גרויסער „אמעריקאנער וו"ב פון דער ענגלישער שפראך" איז ארויס אין 1828). ער טרעט ארויס מיט אזעלכע פרינ־ציפן: „שפראך איז אן אינסטרומענט ניט אזוי פון ליטעראטור, ווי פון טאָג־טעגלעכער פארבינדונג", און „א ווערטערבוך דארף זיין אן אינפאָרמיר-בוך פאר דעם פראָסטן לייענער און אָנפירן אים ריכטיק צו ניצן זיין מוטערשפראך". דעריבער זעט ער ניט צו באגרענעצן זיך מיט דער קלאסישער ליטעראטור באם אויסוויילן זיין מאטעריאל, ער פירט ארײַן ווערטער, וואָס פריִער האָט מען זיי געהאלטן פאר פראָווינציאליזמען, וואָס זיינען ניט ווערט אריינגענומען צו ווערן אין דער „שפראך פון דער געזעלשאפט". נאָכמער. ער האלט, אז „דער וואָקאבולאר פון א וו"ב דארף ארײַנעמען ניט נאָר די ווערטער, וואָס געהערן דער ליטעראטור און דער שפראך פון סאלאָן, נאָר אויך גראָבע און וולגארע ווערטער, וואָרעם אזעלכע ווערטער זיינען אָפּט די עלטסטע אין דער שפראך און גיבן דעם פילאָלאָג א קלאָרע און באשיימפערלעכע דערקלערונג וועגן אָפּשטאמונג און פארהעלטענישן". אָט די לעצטע מאָטיווירונג איז דאָ אייגנטלעך גאָר ניט אפן אָרט און איז אין ווידערשפרוך צו דעם ציל, וואָס א ווערטערבוך דארף זיך שטעלן לויט וועבסטערס מיינונג. וואָרעם וויבאלד די אויפגאבע פון א וו"ב איז צו „זיין אן אינפאָרמיר־בוך פאר דעם „פ ר אָ ס ט ן ל יי ע נ ע ר" צו זיין טאָג־טעגלעכן געברויך, איז ווי קומען אהער די אינטערעסן

1) זע דאָס וואָרט Adoucir, ב. 1, ז. 100.

פונעם פילאָלאָג, דעם ספּעציאַליסט, וואָס זוכט „אָפּשטאַמונג און פּאַרהעלטע-
נישן" פון וואָרט? אַפּאָנעם, ניט אין דעם גייט עס... דעם טאָן אין דער נײַער
טראַנס-אַטלאַנטישער מעדינע גיט ניט, ווי אין ענגלאַנד, די גרויסע אינדוסטריעלע
און האַנדל-בורזשואַזיע, וואָס שטרעבט צו דערנענטערן זיך צו דער אַריס-
טאָקראַטיע און איבערנעמען בײַ איר דעם גלאַנץ פון איר קולטור. דאָ קומען
צום וואָרט די ברייטערע שיכטן „דעמאָקראַטיע", די פּראָווינציעלע, די ווייניק
געבילדעטע אָבער פעסט בײַ זיך אין דער דייע. דאָ טרעט אַרויס דער ווידער-
שטאַנד, וואָס האָט זיך באַזונדערס אַנטוויקלט נאָך דעם באַפרײַונג-קריג, קעגן
דעם אַריסטאָקראַטיזם אין דער ענגלישער ליטעראַטור און שפּראַך. דאָ וויל מען
ניט וויסן פון די אַלע ראַפינירטקייטן, וואָס הערשן אין דער מעטראָפּאָליע, מע
וויל אַ סאַנקציע פאַרן אייגענעם, כאָטש פּראָווינציעלן, וואָרט. און אַ קרעפטיק
ווערטל — איז אויך נישקאָשע. מע שטעלט פאַר זיך צילן פּראַקטישע, אוטילי-
טאַרע: מע דאַרף דעם „פּראָסטן לייענער אָנפירן ריכטיק צו ניצן זײַן מוטער-
שפּראַך". אַ ווערטערבוך דאַרף דעריבער זײַן דידאַקטיש, לערנען אַ צוועקמע-
סיקע אָרטאָגראַפיע, אַ ריכטיקע אויסשפּראַך, דעם טײַטש פונעם וואָרט געבן
אין פּאַשטעס, לויטן גראָדן סייכל. און אָט אַזעלכע צילן שטעלט זיך אויך
וועבסטערס וו"ב.

* * *

צו דער צווייטער העלפט 19-טן יאָרה. מערקט זיך אָן אַ נײַע ריכטונג אין
דער לעקסיקאָגראַפיע, וואָס רוקט אַרויס נײַע פּרינציפּן. אין 1857 יאָר טרעט
אַרויס פאַר דער ענגלשער „פילאָלאָגישער געזעלשאַפט" טרענטש מיט אַן
אָפּהאַנדלונג וועגן „אייניקע כעסרוינעס אין די פאַראַנענע ענגלישע ווערטער-
ביכער". ער טרעט אַרויס שאַרף קעגן דעם, וואָס די ווערטערביכער שטעלן
זיך אַ ציל צו באַדינען די ליטעראַטור, צו רעגולירן דעם „ריכטיקן" באַנוץ
פון דער שפּראַך. „אַ וו"ב, — זאָגט ער, — לויט דעם באַגריף דערפון, וואָס איז,
לויט מײַן מיינונג, דער אייאינציקער וואָס מע קען לאָגיש שטיצן, איז אַן אינ-
ווענטאַר פון דער שפּראַך; פיל מער דערפון, אָבער קוידעמקאָל דאָס...
עס איז ניט די זאַך פון דעם, וואָס מאַכט אים, אָפּצוקלײַבן די גוטע
ווערטער פון דער שפּראַך... זײַן אייסעק איז אויפצוזאַמלען און אײַנאָרדענען
אַלע ווערטער, גוטע אָדער שלעכטע, צי זיי געפעלן אים יאָ צי ניט... ער
איז אַ היסטאָריקער (פון דער שפּראַך), ניט אַ קריטיקער". עס הייסט,
דער קריטיקער איז דאָס דער, וואָס האָט צו טאָן מיט אָפּשאַצן זאַכן, אָדער
אַפילע רעגולירן זיי, אָבער דאָס איז גאָר ניט שײַעך צו וויסנשאַפט. דער וויסנ-
שאַפטלער איז אַ היסטאָריקער, און דער היסטאָריקער איז אָביעקטיוו, זײַן זאַך
איז נאָר פעסטשטעלן פאַקטן. אַ וו"ב דאַרף, הייסט עס, דינען דער „אָביעקטי-
ווער" וויסנשאַפט דורך „אָביעקטיווער" געשיכטע פון אַן „אָביעקטיווער" שפּראַך...
ער דאַרף היסטאָריש דאָקומענטירן דעם אויפקום פון אַ וואָרט אָדער פון אַ באַטײַט
פון וואָרט, זײַן אונטערגיין, אויב אַזוינס איז געשען, זײַן איבערגאַנג פון איין
באַטײַט צום אַנדערן, פון איין באַנוץ צו אַ צווייטן, ער דאַרף אָבער ניט פּרוּוון
צו זײַן, סײַדן עפּשער אומדירעקט, אָדער אין דער צווייטער ריי, אַ וועגווײַ-
זער פאַר דעם באַנוץ פון אַ „גוטער" שפּראַך... די אָנהענגער פון אַזאַ טיפּ וו"ב
גייען, אייגנטלעך, אַף האַנאָכעס אין אייניקע פּונקטן. אַזוי, לעמאָשל, אָנערקע-

נען זיי, אז אומדירעקט איז דער וו״ב יאָ א מיטל צו רעגולירן דעם שפּראַך־
באַנוץ. אכוץ דעם מוזן זיי אויך צוגעבן, אז באם אויסקלײַבן דער אָנהייב־פּונקט
אין דער געשיכטע פון דער באַטרעפנדיקער שפּראַך, פון וואנען דער וו״ב
דאַרף אָנהייבן רעגיסטרירן, איז קיין „אָביעקטיווער״ קריטעריע ניטאָ, וואָרעם
„אָביעקטיוו״ איז פאַר דעם פאָרשער איין עפּאָכע ניט בעסער פאַר דער צווייַ־
טער. דערהויפּט קומט אויס אָפּט צו פאַרלאָזן זיך אפן סוביעקטיוון אײַנזען פון
דעם צונויפשטעלער באם אָפּקלײַבן דעם ווערטער־צוזאמענשטעל. וואָרעם כאָטש
דער פּרינציפּ איז, אז ארײַנעמען דאַרף מען אלע ווערטער פון דער שפּראַך,
איז אָבער אין דער פּראַקטיק ווײַזט זיך ארויס, אז דאָס איז גאָר ניט אזוי
פּאָשעט. אזוי, למשל, איז שטענדיק א פראגע וועגן אומאָנשטענדיקע ווער־
טער — צי זאָל מען זיי ארײַנשטעלן אין וו״ב, און אין וואָס פאַר א מאָס.
ווײַטער, איז ניט אלע ווערטער, וואָס האָבן אן אומגאנג אין דער שפּראַך,
געהערן טאַקע צו איר, עס זײַנען דאָ פרעמד־שפּראַכיקע עלעמענטן, דאַרף מען
באַשטימען אף וויפל זיי זײַנען שוין „אײַנגעבירגערט״ און ד. גל. אין די אלע
פאַלן בלײַבט דער אויסוואל אפן אײַנזען פון דעם צונויפשטעלער. פאַראן אָבער
נאָך א מאָמענט דערבײַ, וואָס וועגן אים דערמאָנט מען גאָר ניט, דאָס איז
וועגן דעם באַטײַט פון דעם וואָרט, ריכטיקער וועגן דעם פאַרשיידענעם אינ־
האלט, וואָס פאַרשיידענע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט לייגן אמאָל ארײַן אין
א וואָרט, און וואָס ניט אלעמאָל ווערט יעדערער פון זיי פאַרעכנט פאַר
א „ריכטיקן״, שפּראַכלעך „באַרעכטיקטן״ אף ארײַנגענומען צו ווערן אין וו״ב.
מיר האָבן שוין פריִער געזען, ווי אין אן עפּאָכע פון רעוואָליוציע האָט אזא
„אָביעקטיווער״ וויסנשאַפטלער ווי באָדוען־דע־קורטענע געמוזט מוידע זײַן,
אז א וויסנשאַפטמאַן, ווי אָביעקטיוו ער זאָל ניט זײַן, איז קודעמקאָל א מענטש...
און ווי ער האָט ניט געוואָלט אויסהאלטן זײַן „אומפּאַרטייִשקייט״, טאָן־צוליב
קלוימערשט אלע פאַרטייען, האָט עס אים זיך דאָך ניט אײַנגעגעבן: אָן א געוויסן
אויסוואל פון באַטײַטן פאַרן וואָרט איז ער ניט אויסגעקומען, און שוין דאָס
אליין איז דאָך אומדירעקט אן אָפּשאַצונג פון דעם וואָרט; שוין ניט ריידנ־
דיק, וואָס די געבראַכטע אויסטײַטשונגען פון די באַטײַטן און די איליוסטראַ־
ציעס צו זיי זײַנען אזעלכע, וואָס כאַראַקטעריזירן בוילעט די פּאָליטישע פאַר־
טייִשע באַציִונג פון דעם וויסנשאַפטלער צו געזעלשאַפטלעכע דערשײַנונגען.
אָבער אזעלכע בוילעטע פאַלן, ווו דער „סוביעקטיווער״ מאָמענט, אָדער ריכ־
טיקער געזאָגט, די קלאַסן־פיזיאָנאָמיע פון דעם אווטאָר זאָל ארויסטרעטן אזוי
בוילעט, טרעפן זיך לעפּיערעך ניט אזוי אָפט. בעדערעך קלאל הייסט עס, אז
דער אווטאָר שטרעבט צו זײַן אָביעקטיוו, פאַרצייכענען, דאָקומענטירטע פאַקטן,
ווי ווײַט מעגלעך אלע פאַקטן און מער גאָר, ניט ארײַנלאָזנדיק זיך אין איבע־
ריקע כקירעס. אָט דער דאָזיקער „אָביעקטיוויזם״, וואָס דריקט זיך פאַקטיש אויס
אין סאַמע עקסטרעמען עמפּיריזם, איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער בור־
זשואַזער וויסנשאַפט אין דער צווייטער העלפט 19-טן יאָרה. ביקלאל און פאַר
דער שפּראַכוויסנשאַפט ביפראַט. צו וואָס פאַרנעמען זיך מיט דערקלערן דער־
שײַנונגען, פאַרטיפן זיך אין זייערע סאָציִאַלע וואָרצלען, אויסגעפינען די פּרו־
זשינעס, וואָס באַוועגן זיי, ווען דאָס קען ברענגען אמאָל צו גאַנץ אומדער־
ווארטע און אמאָל ניט גאָר אָנגענעמע רעזולטאַטן. בעסער אײַנגראָבן
זיך אין די „אָביעקטיווע״ טיפעניש פון דער געשיכטע און שאַפן מאָנומענטן

פאר דער וויסנשאַפט. און ווירקלעך, דער אָקספאָרדער „ניו אינגליש דיקשע-נערי" („נײַער ענגלשער ווערטערבוך"), וואָס איז אופגעשטעלט געוואָרן לויט טרענטשס פּרינציפּן, שטעלט מיט זיך פאָר א גראַנדיעזן ווערק, אין וואָסערן עס איז אַרײַנגעלייגט געוואָרן די מי פון טויזנטער פאָרשער, וואָס האָבן פאר אים געזאמלט מאַטעריאַלן. דער ווערטערבוך איז געבויט לויט דעם היסטאָרישן פּרינציפּ, די ווערטער און די באַטײַטן זייערע, אָנהייבנדיק פון מיטן 12-טן יאָרה. אָן, ווערן דאָקומענטירט מיט אויסצוגן פון ליטעראַרישע דאָקומענטן. מע קען זיך פאָרשטעלן, וואָס פאר א געוואלדיקער אויצער פאַרן פאָרשער פון דער שפּראַך עס ליגט אין אָט דעם גראַנדיעזן ווערק. איך האָב ניט, צום באַדויערן, אונטער דער האַנט דעם דאָזיקן ווערטערבוך צו באַווײַזן מיט פאַקטן פון אים גופא, אָף וויפל ער איז טאַקע „אָביעקטיוו". אין דעם פאַל בין איך דערווײַלע געצוווּנגען צו ריידן „אַפּריאָרי" — אָף ווי ווײַט עס איז איבערהויפּט מעגלעך אין א קלאַסן-געזעלשאַפט, האַנדלענדיק צו טאָן מיט א שפּראַך-מאַטעריאַל, בלײַבן אויסער דער ווירקונג-ספערע פון דער הערשנדיקער אידעאָלאָגיע, אפילע ווען מע באַנוגנט זיך, קלומערשט, נאָר מיט קאָנסטאַטירן פאַקטן. וואָרעם צו סאָציאַל באַדינגט איז דער מאַטעריאַל, מיט וואָסערן דעם לעקסיקאָגראַף קומט אויס צו אָפּערירן, אז ער זאָל זיך אײַנגאַנצן קענען אַבסטראַהירן פון דער סאָציאַלער ווירקלעכקײַט דערבײַ. און וויל מען א וואָרט דערקלערן, אויפדעקן זײַן אינהאַלט, באַווײַזן די אַנטוויקלונג פון זײַן באַטײַט, זײַן באַנוץ און אָנווענדונג, די אונ-טערשייד-שטריכן זײַנע פון ווערטער סינאָנימישע צו אים, — מיט איין וואָרט וויל מען באַווײַזן ווי דאָס וואָרט ל ע ב ט אין דער שפּראַך, קען מען עס אַלץ ניט אויסטראַכטן פון קאָפּ. נאָר מע מוז עס נעמען פון דער ווירקלעכקײַט, פון דער סאָציאַלער ווירקלעכקײַט, וואָס שאַפט די אַטמאָספערע פונעם וואָרט, און וואָס דאָס וואָרט איז איר אויסדריקער. און די דאָזיקע ווירקלעכקײַט איז א קלאַסן-ווירקלעכקײַט, פול מיט קלאַסן-סטירעס, וואָס קריגן שטענדיק אַן אויסדרוק אויך אין וואָרט און אין דער אָנווענדונג פון וואָרט. אַזוי אַז אומפאַרמײַדלעך מוז דער לעקסיקאָגראַף אַרײַנברענגען אין זײַן „אָביעקטיוון" ווערטערבוך די אָביעקטיווע ווירקלעכקײַט, און צו איר גייט ער צו שוין גאָר ניט אָביעקטיוו-נייטראַל. וואָרעם, ווי זאָגט באָדוען-דע-קורטענע, דער לעקסיקאָגראַף איז דאָך אויך ניט מער ווי א מענטש, און איז אין דער ווירקונג-ספערע פון דער הערשנדיקער אידעאָלאָגיע און דער הערשנדיקער שפּראַך-קולטור, וואָס בא הײַנטיקן טאָג זײַנען עס, אויסער די גרענעצן פון פּסר, די אידעאָלאָגיע און קולטור פון דער בורזשואַזיע.

אייניקע בײַשפּילן פון דעם טיפּ „אָביעקטיוו"-היסטאָרישע ווערטערביכער צו אילוסטרירן אָט דעם געדאַנק. דער ערשטער, וואָס איז אַוועק אָף דעם וועג, איז אייגנטלעך געווען גרימס דײַטשישער וו"ב. עמעס, גרים אליין דערקלערט אין זײַן האַקדאָמע, אז זײַן ציל איז צו שאַפן א שפּראַך-ה ײ ל י ק ט ו ם, וואָס זאָל זײַן צוטריטלעך פאר אַלעמען, פאַרן ג א נ צ ן פאָלק. וואָס איז שײַעך אָט דער צוטריטלעכקײַט, איז א ספק צי קען זײַן ווערק, בא דעם טיף געלערנטן כאַראַקטער זײַנעם, טאַקע אויסגענוצט ווערן פון דעם ברייטערן אוילעם, אינ-דערעמעסן איז ער אַדרעסירט צום געלערנטן, דעם ספּעציאַליסט. און דאָך איז דאָרט דאָ, בא דער גאַנצער „אָביעקטיווקײַט" פונעם אוטאָר, א היפּש ביסל מאָמענטן פון אָ פּ ש א צ ן דערשײַנונגען, נ א ר מ י ר ן דעם באַנוץ פון וואָרט.

אזוי טרעפט איר דאָרט אזעלכע באמערקונגען (אַלע אונטערשטרײַכונגען אין די ציטאטעס זײַנען מײַנע. — כ. ה.): „פיכטע מאכט א מאָדנע אונטערשיידונג, כאָטש די שפּראַך באַרעכטיקט גאָר ניט דערצו"... „געטע ליבט אָט דאָס וואָרט"... (ז. אונטערן וואָרט „דאזײַן", ב. 2, שפּ. 807); אָדער: „און אָט דעם אקוזאטיוו, וואָס איז ווערט געטאדלט צו ווערן, ניצט אויך לעסינג"... (דאָרט, שפּ. 730); אָדער „בא דער דאָזיקער באדײַטונג פון דענקען דערלויבן זיך אייניקע זינט דעם 17 יאָרה. דעם אקוזאטיוו, וואָס קומט פאָר אויך בא דאנקווירן, אָבער וואָס מע טאָר אים ניט נאָכמאכן. אינטערעסאנט איז, אז נאָך אזא קאטעגאָרישן אורטייל קומט א רייע בײַשפּילן, דערינען אויך פון ווילאנד, געטע, שילער, ווי עס ווערט גראָד באנוצט אָט דער פארורטיילטער אקוזאטיוו. באַם וואָרט „ארמיי" ווערט דערקלערט, אז דאָס וואָרט איז ארײַנגעדרונגען אומעטום צוזאמען מיט דעם פײַנט, אז מע דארף אים גאָר ניט האָבן און „אונדזער שפּראך האָט עס שוין לאנג געדארפט פארבײַטן מיט די ווערטער „העער" און „האופען" עס איז קעדײַ דאָ צו באמערקן, אז לויט ווייגאנדן, ווערט אָט דאָס וואָרט באנוצט אין דײַטשלאנד זינט דעם 30-יאָריקן קריג, האגאם אויך ווייגאנד באצייכנט אים מיט א קרייץ בא דער זײַט, וואָס עס דארף באטײַטן, אז עס געהערט צו די „ניט גאנץ אײַנגעבירגערטע" ווערטער, ווי ער דריקט זיך אויס.

עס גייט אָבער ניט נאָר אין דער נאָרמירונג פון גראמאטישע פאָרמעס אליין, אָדער אין דעם אָפּשאצן די געגוואנגדיקע אָדער ניט געגוואנגדיקע „דײַטשישקײַט" פון דעם צי יענעם וואָרט. דער גאנצער ווערטערבוך טראָגט אָף זיך א געוויסן שטעמפּל: ער אידעאַליזירט די פארגאנגענהײַט, ער איז פול מיטן גאנצן קלאפּערגעצײַג פון מיטלאלטער, אויסצוגן פון ביבל, פון ליטערן א.ד.גל. ווערן דערלאנגט אין קאָלאָסאַלע דאָזעס. דאָס וויכטיקסטע פאר אונדז איז דאָ אָבער אָט וואָס: דער איליוסטראטיווער מאטעריאַל און די אויסטײַטשונגען גופא זײַנען א טײַער מיטל צו אײַנפלאנצן און פארשפּרייטן נאציאָנאַל-פּאטריאָטישע געפילן, פּרינציפּן פון בירגערלעכער מאָראל און טוגנט. אָט איז, צום בײַשפּיל, א קליינער אויסצוג פונעם גרויסן ארטיקל „דויטש": „דויטש" : בעצייכנעט דאס עדלע אונד טרעפליכע, אונד דיזע בעדויטונג ווורצעלט אין דער אונאָויסלעשבארער ליעבע דער דויטשען צו אירען פאטערלאנד און אין דעם געפיהלע פאָן דעם גײַסט דער עס בעלעבט. איין דויטשער מאן איזט איין טיכטיקער, רעדליכער, טאפּפערער... דויטשע טרייע זאָל ניע געבראָכען ווערדען. איין דויטשעס געמיט איזט איין טיעפעס, וואַרהאפטעס"... א. אז. וו. אין אן אנדער אָרט קלערט ער אוף דעם באטײַט פונעם וואָרט „מאנסבילד". ער ווײַזט אָן דערבײַ: „אָט דעם איידעלן אויסדרוק מאנסבילד, ווײַבסבילד האָבן מיר איצט געלאָזט ווערן געמיין. א הויזפּאָטער ווער מיסטאמע זאָגן: „איך דערלאָז ניט, אז מײַנע דינסטן זאָלן אומגיין מיט „מאנסבילדער", אָבער וועגן דעם אומגאנג פון זײַנע טעכטער וועט ער אָט דעם וואָרט אויסמײַדן און בעסער ניצן „מענער" אָדער „מאנסלײַט" „מאנסבילד" האָט דעם בײַבאטײַט פון רויען, פּויערשן, „ווײַבסבילד" — פון „לײַכטפערטיקן"; א. אז. וו. איך מיין דאָ גאָר ניט צו קריטיקירן גרימען, ער האָט דאָ זייער פײַן אופגעוויזן און טרעפלעך איליוסטרירט דעם איידעלן ניואנס צווישן א פּאָר סינאָנימען אין דער דײַטשישער שפּראַך, אין דער הערשנ-

דיקער בירגערלעכער שפּראַך. פֿאַר אונדז איז דאָ אָבער וויכטיק דאָס, וואָס
מיר זעען דאָ דײַטלעך, ווי די סאָציאַלע אומגעבונג פֿון דעם אווטאָר, די הערשנ-
דיקע גײַסטיקע אַטמאָספֿער קריגט איר אָפּשפּיגלונג אין דעם וו״ב. אויב עס
איז אַ ספֿק, צי דער דורכשניטלעכער „הויזפֿאָטער“ וועט טאַקע גיין פֿאַר-
נאַנדערקלײַבן זיך אין די גאַנץ קאָמפּליצירטע עטימאָלאָגישע, קולטור-היסטאָ-
רישע און סעמאַנטישע פֿאָרשונגען, וואָס זײַנען אַרײַנגעלייגט געוואָרן אין דעם
גראַנדיעזן ווערק, איז אָבער גאָר קיין ספֿק ניט, אַז אַזאַ מין אָנווײַזונג פֿון
„פֿײַנעם סטיל“ וועט ער געוויס באַנעמען, און אויב ער איז געבענטשט מיט
„מעגדע“ און „טעכטער“ און נאָך אין מערצאָל, וועט ער עס געוויס נעמען צו
קענטעניש און באַנוץ...

טרענטשס פּרינציפּ, אַז אַ ווערטערבוך דאַרף זײַן ניט מער, ווי אַן אינ-
ווענטאַר פֿון דער גאַנצער שפּראַך, ווערט קימאַט דער הערשנדיקער אין לעק-
סיקאָגראַפֿיע. פֿאַרשטייט זיך, באַ ווערטערביכער, וואָס זײַנען געווענדט ניט די-
רעקט צום וויסנשאַפֿטמאַן, וואָס האָבן אַ ציל צו באַדינען דעם געוויינטלעכן
מענטשן און ניט דעם שפּראַך-ספּעציאַליסט, מוזן אַרײַנגעטראָגן ווערן געוויסע
באַגרענעצונגען אי אין דעם צוזאַמענשטעל פֿון די ווערטער, אין וואָקאַבולאַר,
אי אין פֿראַט פֿון היסטאָרישן דאָקומענטירן. וואָס איז אָבער שײַך דער אויס-
טײַטשונג פֿון די ווערטער, בלײַבט דער פּרינציפּ פֿון „אָביעקטיווקײַט“ אומבאַ-
רירט. קעדיי דאָס צו דערגרייכן באַ די באַדינגונגען, ווו עס איז ניטאָ קיין
מעגלעכקײַט צו אַרומצאַמען זיך מיט אַ מענגע היסטאָרישע דאָקומענטן, און ווו
דער שווערפּונקט איז די אויסטײַטשונג גופֿא פֿון דעם אומגעגלעכן באַטײַט,
מוז מען זען זיך האַלטן וואָס נעענטער צום וואָרט, ניט אַרײַנלאָזן זיך אין
ווײַטערע כקירעס. ווי זשע קען מען עס אָבער אויספֿירן, און צי איז עס בי-
כלל מעגלעך אויסצופֿירן? לייענען מיר טאַקע אין דער האַקדאָמע צו אַ ווער-
טערבוך פֿון אָט דעם מין (The Concise Oxford Dictionary of Current
English. Adapted by H. W. Fowler and F. G. Fowler from The
Oxford dictionary. Oxford, 1914 — אַ קורץ געפּאַסטער ווערטערבוך פֿון
דער ענגלישער אומגאַנג-שפּראַך, לויט דעם גרויסן אָקספֿאָרדער, אַרויסגעגעבן
אין 1914): „דער בוך איז באַשטימט צו זײַן אַ וו״ב, און ניט קיין ענציקלאָ-
פּעדיע; ד. ה., אַז די אויפֿגאַבע פֿונעם בוך איז צו געבן די באַנוצונגען פֿון
ווערטער און פֿראַזעס, ווי אַזעלכע, און מיטן געבן ידיעס וועגן די זאַכן, וואָס
ווערן דורך די ווערטער און פֿראַזעס באַצייכנט, האָט ער צו טאָן נאָר אויף
אַזויפֿיל, אויף וויפֿל דער ריכטיקער באַנוץ פֿון די ווערטער איז אָפּהענגיק פֿון
קענען די זאַכן. אַזוי אָבער ווי די מאָס פֿון אָט דער אָפּהענגיקײַט איז זייער
פֿאַרשיידנאַרטיק אין פֿאַרבינדונג מיט דעם כאַראַקטער פֿונעם באַהאַנדלטן וואָרט,
מוז אויך וואַריִרן צוזאַמען דערמיט דער אונטערשייד צווישן ענציקלאָפּעדישער
און ווערטערבוך-באַהאַנדלונג, און די צווישנשייד-ליניע איז דעריבער וואַקלדיק
און צווייפֿלהאַפֿטיק“...

די פּראָבלעם איז, הייסט עס, זען אינגאַנצן ניט צו ריידן וועגן די זאַכן,
וואָס די ווערטער באַצייכענען. ריידנדיק וועגן די זאַכן, איז אַפֿאָנעם שווערער אײַנצו-
האַלטן די „אָביעקטיווקײַט“. איז אָבער די „צאָרע“, וואָס, ווי פֿאָרמאַליסטיש מע זאָל
ניט זײַן, קען מען צו דעם „ריכטיקן באַנוץ פֿון די ווערטער“ ניט קומען, ווו מע
קען ניט די זאַכן. אינגאַנצן אָפּרײַסן די פֿאָרמע פֿונעם אינהאַלט לאָזט זיך ניט,

ווי דאָס וואָלט זיך ניט געוואָלט. דעריבער איז, מער אָדער ווייניקער, אָבער וועגן דער „נאַטור פון די זאַכן״ מוז מעןריידן באם באהאנדלען אפילע נאָר ווערטער. דידאַקטישע פּראָבלעם וועט אונדז אויסקומען שפּעטער נאָך צו באַהאנדלען. דאָ ווילן מיר ברענגען נאָר א פּאָר ביישפּילן ווי אזוי דאָס ווערט געטאָן. מיר נעמען דעם זייער אָנגעזעענעם ענגלישן ווערטערבוך פון „פונק און וואגנאל״, דערביי גראָד די האנטבוך-אויסגאבע, א קירצונג פון דעם גרויסן „פונק און וואגנאלס נייעם סטאנדארט ווערטערבוך״. דער האנטבוך דארף באַדינען דעם דורכשניטלעכן ענגליש-ריידער, דעם סטודענט, דעם געשעפטסמאַן און ד. גל. די אויסגאבע איז פון 1921 יאָר און איז אף אזויפיל „אָנשטענדיק״, אז זי נעמט אריין אפילע אזעלכע ווערטער ווי „באָלשעוויקי״, — פּארטייטשט —„א רעוואָליוציאָנערע פּאָליטישע פּארטיי אין רוסלאַנד (1917— ) ]<פון רוסישן „באָלשע״—מער+יק, א סובסטאַנטיווישער סופיקס]״. — מיר ווילן דאָ ניט ריידן וועגן דער „פּארטייטשונג״ גופע פון דעם דאָזיקן וואָרט, די „אָביעקטיווקייט״ שפּארט דאָ מאַמעש פון יעדער פּינטעלע; וואָס איז ווערט, לעמאָשל, כאָטש די איינגעקלאַמערטע דאטע 1917 און די טירע מיטן בלויז נאָך דעם?.. דאכט זיך, „ניט מער״ ווי א געוויינטלעכער טעכנישער מיטל, וואָס ווערט באַנוצט אין לעקסיקאָנען, אף צו לאָזן אן אָרט פאַר נאָך א דאטע, ... ווען דער „קאַפּיטאַליסטישער גאָט״ זאָל נאָר העלפן... — אָט איז אן אויסצוג פונעם אַרטיקל צום וואָרט „Salary“ ]=געהאלט[. עס ווערט געבראַכט א גאנצער צעטל סינאָנימען פאַרן באגריף „באַלוינונג״ און עס ווערן דערקלערט זייערע באטייטן און אונטערשיידן. לויט מיר דאַרט צווישן אנדערס: „Wages“ ]ווײדזשעס=סכירעס, לוין[ באַצייכנט וואָס עס באַקומט אן אַרבעטער. Earnings ]=פאַרדינסט[ ווערט אָפּט באַנוצט ווי א פּינקטלעכער עקוויוואַלענט צו „ווײדזשעס״, אָבער ער קען באַנוצט ווערן אין שייכעס צו דעם רעאַלן ווערט פון אן אָפּגעטאָנענער אַרבעט אָדער באַדינונג און קען אפילע אָנגעווענדט ווערן צו אומבאַלעבטע זאַכן, ווי Earnings of capital ]=פאַרדינסט פון קאַפּיטאַל[... ...סאַלאַרי ]=געהאַלט[ איז פאַר ליטעראַרישער אָדער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט, ווײדזשעס — פאַר האַנטאַרבעט אָדער אן אנדער באַדינונג פון א לעפּערעך נידעריקערן גראַד; א סאַלאַרי ווערט באַטראַכט ווי עפּעס מער באַשטענדיקס איידער ווײדזשעס; א רעדאַקטאָר קריגט סאַלאַרי, א זעצער באַקומט ווײדזשעס״... באם וואָרט Good ]=גוט[ לייענען מיר צווישן אנדערס: ...„גוד טראָגט אַלעמאָל מיט זיך א שווייַגעדיקן בייבאַטייט וועגן דער פאַרבינדונג אָדער דעם ציל אין שייכעס צו וואָס עס ווערט געמאַכט די באַהויפּטונג. א פערד וואָס איז געזונט, מילד, צו-דינסטן, צי ער איז געשווינד, ווי א יאָג-פערד (ריסאַק), צי ער איז שטאַרק און שווער, ווי א מאַסע-פערד, איז א גוטער פערד; א שיף, וואָס איז פעסט און יאַם-פייִק, איז א גוטע שיף; אויסניצן געלט אזוי עס זאָל אריינברענגען א היפּשן און זיכערן איינקונפט הייסט א גוט געשעפט; א מענטש מיט א הויכן און עמעס מאָראַלישן כאַראַקטער איז א גוטער מענטש; איינער, פון וואָס פאַר א כאַראַקטער ער זאָל ניט זיין, אויב ער איז בראַוו און גוט געלערנט אין מילכאָמע-קונסט, איז א גוטער סאָלדאַט״... איך וואָלט געזאָגט, אז די אויסטייטשונג איז געמאַכט געוואָרן קימאַט דיאַלעקטיש, ניט אַבסטראַקט גענומען דעם באגריף „גוט״,

נאָר אין קאָנקרעטער אָנווענדונג, און טאקע דערפאר ערשט מוז דאָ ארויסקו־מען די אידעאָלאָגישע ווירקלעכקייט, אף וואָסערער דער וו״ב איז אָריענטירט. און דער לייענער זאפט עס אין זיך אריין, אומבאמערקט פאַר זיך אליין, דעם וואָרט־באנוץ מיט דעם אידעאָלאָגישן אינהאלט. וואָס ער טראָגט מיט זיך, איך וואָלט געזאָגט, ער עטעמט אין אָט דער אידעאָלאָגישער אטמאָספער.

5

דאָס ביסל פאקטן, וואָס מיר האָבן ביז איצט געבראכט, דארף שוין אונדז קלאָר מאכן, וואָס פאר א וויכטיק אידעאָלאָגיש געווער א ווערטערבוך איז אין גאנג פונעם קלאסנקאמף, וואָס פאר א וויכטיקער אינסטרומענט דאָס קען זיין פארן פראָלעטאריאט אין זיין קאמף פאר באהערשן די קולטור, פאר קולטור־רעוואָליוציע. דאָס דארף שוין אונדז אין א געוויסער מאָס אויך אָריענטירן אין דער פראגע — וואָס פאר א כאראקטער עס דארף האָבן אונדזערער א סאָוועטישער וו״ב אין דעם פעריאָד, וואָס מיר לעבן איצט איבער, צו וואָס מיר דארפן שטרעבן, ווען מיר גייען שאפן א וו״ב. מיר דארפן באַוווסטזיניק און אף אן אָרגאניזירטן דורכגעטראכטן אופן דורכפירן די קלאסן־פּאָליטיק פון פראָלעטאריאט אין דעם וו״ב; מע דארף שטרעבן אופצודעקן יעדער מאָל די סאָציאלע קלאסן־ווירקלעכקייט, וואָס דאָס וואָרט, אין זיין קאָנקרעטע פראקטישער אָנווענדונג, דריקט אויס; מע דארף פון שטאנדפונקט פון פראָלעטארישער אידעאָלאָגיע אָפּשאצן די דערשיינונגען, וואָס ווערן אין דעם וו״ב געבראכט; מע דארף אויך אריינברענגען דערביי אין א געוויסער מאָס דעם מאָמענט פון נאָרמירן, רעגולירן די לעקסישע שפראך־פּראָצעסן.

לאָמיר פון אָט דעם שטאנדפונקט באטראכטן די וויכטיקסטע מאָמענטן אין פּראָצעס פון שאפן א וו״ב.

וואָקאבולאר. בעדערעך קלאל גערעדט, דוכט מיר, אז אין זינען פון אָפּקלייבן דעם ווערטער־צוזאמענשטעל פאר א ווערטערבוך, געפינען מיר זיך אין א פיל גינסטיקערער לאגע. ניט האָבנדיק קיין נאציאָנאליסטישע צילן, ניט קיין קאָלעקציאָנערישע צילן פון סטאם זאמלען שפראך־מאטעריאלן, ניט מאכנדיק פון שפראך קיין פעטיש, קיין זעלבסטצוועק, נאָר האָבנדיק פאר זיך שטענדיק א באשטימטע ציל־געוועגדטקייט, וועט אונדז זיין גרינגער צו באשטימען די צייט־גרענעצן, וואָס אונדזערער א וו״ב דארף ארומנעמען. מיר האָבן אויך ניט וואָס מוירע צו האָבן אריינצוברענגען אין א וו״ב ניט געוווּנטשענע ווערטער, פון דעם טיפּ קלעריקאלע, שאָוויניסטישע, קלאסן־פיינטלעכע און ד. גל. (און וועגן אזעלכע קען בא אונדז הויפּטזאכלעך שטיין די פראגע). וואָרעם אויב מיר האלטן פאר נייטיק צו באקעמפן געוויסע ווערטער און אויסדרוקן, אויב מיר ווילן זיי זאָלן פארשווינדן פון דער שפּראך פונעם פּראָלעטאריאט, איז טאָר מען זיך, אויך אין דעם פאל, ניט פארלאָזן אף דער סטיכיע, אף „זעלבסטפּלוס" און באנוגענען זיך מיט אריסטאָקראטישן פארשווייגן זיי. דאָס קען נאָך ברענגען צו פארקערטע רעזולטאטן. קורץ גערעדט — זיינען געוויסע ווערטער פארמישפּעט צום טויט, דארף מען זיי באגראָבן; זיינען געוויסע אומגעוווּנטשענע ווערטער שוין אָפּגעשטאָרבן, נאָר עס זיינען מעגלעך געלעגנהייטן זיי זאָלן אופשטיין טכיִעס־האמייסים (דורך דער קלאסיקער־ליטעראטור, מיט דער הילף

פון באוווסטזיניקע און אומבאוווסטזיניקע יידישיסטן, נאציאָנאַליסטן א. ד. גל.),
דארף מען באצייטנס וואָרענען, אז מע האָט צו טאָן מיט טויטע. אכוץ אַלע
זאכן, דארף מען דאָך געדענקען, אז האָבן מיר צו טאָן מיט א סוינע, וואָס מע
דארף אים באקעמפן, מוז מען דאָך אים קענען. איז טאקע די אויפגאבע פון
א ווערטערבוך אויסצופילן אויך אָט די מיסיע, און ער האָט דערצו אַלע מעג־
לעכקייטן—דורך דעם אָפּשאצערישן אנאליז פונעם באטייט און זיינע שאטירונ־
גען, אופווייזנדיק די היסטאָרישע ראָלע פונעם וואָרט, זיינע קלאסן-וואָרצלען
און סאָציאַלע קלאסן־פונקציע. אזוי אז ווען עס זאָל גיין די רייד וועגן א וו״ב
א ג ר וי ס ן, פונעם טיפ „אקאדעמישע", זיינען מיר גאָר ניט באגרענעצט אין
דעם ווערטער-אָפּקלייב. אנדערש, פארשטייט זיך, וועט שטיין די פראגע, ווען
עס וועט זיך האנדלען וועגן א קלענערן ווערטערבוך, א האנטבוך, וואָס מע
האלט אים אפן טיש, דערהויפּט צוליב א ספראווקע, ניט צוליב ספעציעלע
פאָרשונג-צוועקן. און לויט די באדערפענישן, וואָס מיר האָבן אָנגעמערקט אין
דעם ערשטן קאפיטל, איז פאר אונדז בא איצטיקן מאָמענט אקטועל גראָד
א וו״ב פון אָט דעם לעצטן טיפ. דאָ מוזן מיר שוין שטעלן די פראגע וועגן
געוויסע באגרענעצונגען פון וואָקאבולאר. דידאָזיקע באגרענעצונגען דארפן
דיקטירט ווערן פון שטאנדפונקט פון צוועקמעסיקייט. ווער מען דארף באדינען
דער ווערטערבוך? מיט וואָסערע צילן? דער ווערטערבוך דארף באדינען דעם
מאסן-לייענער, די ברייטע שיכטן ארבעטנדיקע; דער וו״ב דארף באדינען די
ברייטע קרייזן קולטור־טוער, וואָס האָבן צו טאָן מיטן וואָרט: שרייבער ,פרעסע-
טוער, ארבקאָרן, לערער, סטודענטן, שילער א. ד. גל. דערביי דארף מען
געדענקען, אז אין אונדזערע באדינגונגען קענען מיר ניט דורכפירן קיין גרע-
נעץ-ליניע צווישן דעם אזוי גערופענעם אקטיוון וואָרט-באנוצער און דעם פא-
סיוון, ווי אנדערע פרווון עס טאָן, וואָרעם דער הייַנטיקער לייענער איז מאָרגן
אן ארבקאָר, א שרייבער. האָבנדיק אין זינען אָט דעם געברויכער און זיינע
באדערפענישן, דארף דער וו״ב אריינעמען דעם לעקסיקאָן פון אונדזער געזעל-
שאפטלעך־פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן, די שפראך פון צייטונג און בוך. מיר
האָבן שוין אָנגעוויזן פריער, אז דער קולטור־ניוואָ פון די ארבעטנדיקע מאסן
איז געוואַלדיק געשטיגן, דער קרייז פון זיינע אינטערעסן שליסט איין אַלץ מער
אידעאָלאָגישע געביטן. פּראָבלעמעס פון ווירטשאפט און פּאָליטיק, טעכניק און
פילאָזאָפיע, פון סאָציאַליסטישער קולטור און סאָציאַליסטישן שטיי־
גער און אז. וו. א. וו. פארכאפן אַלץ ברייטער און טיפער די סאמע טיפענישן
פון די ארבעטער-מאסן. אָט דאָ דארף קומען צו הילף דער וו״ב, ער דארף
העלפן (סיי דעם שרייבער און איבערזעצער, סיי דעם לייענער) פאנאנדערצו-
קלייבן זיך אין די ווערק פון לענין און סטאַלין, מארקס און ענגעלס, אין די
ווערק פון דער סאָוועטישער ליטעראטור און קריטיק; מיטן וו״ב אין האנט
דארף מען אויך קענען לייענען מענדעלע-מויכער־ספאָרים און פערעץ. הייסט עס
אין וו״ב גייט אריין דער לעקסיקאָן פון אונדזער ליטעראטור-שפראך, אָנהייבנ־
דיק אומגעפער פון דער מיט 19־טן יאָרה. די הויפּט אכט דארף אָבער געלייגט
ווערן אפן ס אָ וועטישן פּעריאָד פון דער ליטעראטור-שפראך. דערביי דארף
אָפּגעגעבן ווערן די ג ר ע ס ט ע אויפמערקזאמקייט די סאָוועטישע „נייבילדונגען"
אין ברייטסטן זינען פון וואָרט. דער וו״ב שטעלט זיך נ י ט קיין ציל צו בא-
דינען ספעציעל די שיינע ליטעראטור, — הייסט עס, ספעציפישע און צ ופ ע-

ליקע „פּאַטישע" נײַבילדונגען ווערן ניט אַרײַנגענומען. דער וו"ב שטעלט זיך ניט קיין ספּעציִעלע עטנאָגראַפישע צילן,—הייסט עס, מע דאַרף אויסמײַדן יעדער איבערפלוס פון שטייגערישן מאַטעריִאַל, דערהויפּט נאָך פון אַלטן און פּראָווינציִעל-שטעטלדיקן שטייגער. דער וו"ב דאַרף דינען צו הייבן אַף אַ העכערן שטאַפּל די שפּראַך-קולטור פון די אַרבעטנדיקע מאַסן ניט נאָר אין זינען פון געשריבענעם וואָרט, נאָר אויך פון גערעדטן וואָרט. דעריבער דאַרף אין אָנגעוויזענעם אָרט פאַרנעמען די מונדלעכע שפּראַך פון סאָציִאַל-פּאָליטישן לעבן, פון נײַעם שטייגער,—די שפּראַך פון מיטינג און פאַרזאַמלונג, קרײַז און אַודיטאָריע, קלוב און וואַנטצײַטונג (זי איז אָפּט זייער נאָענט צו דער גערעדטער שפּראַך), פון ווירטשאַפט און אַרבעט-פּראָצעסן. דערבײַ דאַרף מען אָבער אויך האָבן אין זינען, אַז דער וו"ב קען ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן ענציקלאָפּעדיע פון אַלע וויסנשאַפטן און אַלע צווײַגן פון טעכניק. דער ווערטערבוך קען ניט און דאַרף ניט פאַרבײַטן קיין ספּעציִעלע טערמינאָלאָגיעס. ער דאַרף אָבער פאַרשטעלן די פּאָליטעכניזירונג פון אונדזער לעבן—ניט טעכניזם, נאָר פּאָליטעכניזם דאַרף באַדינען דער וו"ב.

אויסטײַטשונגען. די שווערסטע און פאַראַנטוואָרטלעכסטע אויפגאַבע, וואָס וועט אונדז פאַרשטיין צו לייזן באַם שאַפן אַ וו"ב, איז דאָס אויסטײַטשן. צו אַלעם ערשטן מוז מען דאָ דערמאָנען אַ פּאָר מאָמענטן, וואָס וועלן דערבײַ שפּילן זייער אַ גרויסע ראָלע:

1) די רעוואָליוציע האָט, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, ניט נאָר געשאַפן אַסאַך נײַע ווערטער, זי האָט אויך געענדערט דעם באַטײַט פון אַסאַך ווערטער; דער סאָציִאַלער קאָנטעקסט פון אַסאַך זאַכן און באַגריפן האָט זיך קאַרדינאַל געענדערט, דעריבער האָבן די ווערטער, וואָס אַנטשפּרעכן זיי, געקראָגן נאָר אַ נײַע באַפאַרבונג, אַ נײַע ניואַנסירונג, אַ נײַע סאָציִאַלע פונקציע (צ. ב. ש. באַלעבאָס, סויכער, קרעמער, כאַסן-קאַלע, מעכוטן, אַרבעטלאָזן א. אז. וו.); גאַנץ אָפּט האָבן מיר אינגאַנצן נײַע דערשײַנונגען, באַצייכנט מיט אַן אַלטן וואָרט, וואָס פריִער האָט עס באַטײַט גאָר עפּעס אַנדערש (צ. בש. אַזאַ וואָרט ווי „אָפּשרײַבן זיך", וואָס האָט פריִער באַטײַט דאָס צעשרײַבן זיך פון די צדאָדים אַף אַן אָפּמאַך וועגן עפּעס אַ געשעפט, פּרגל, „אָפּשרײַבן זיך באַם נאָטאַריוס", און איצט ווערט עס באַנוצט ווי „אָפּשרײַבן זיך אין זאַגס"); אַלטע דערשײַנונגען קריגן נײַע ווערטער פאַר זייער באַצייכענונג (צבש. קרעמער — פּריוואַטניק, באַלמעלאָכע — קוסטאַר, דינסטמיידל — הויז־אַרבעטערן א. ד. גל.); די פאַרשיידנאַרטיקסטע קלאַסן-סינאָנימיק, מיט וואָס עס איז אַזוי רײַך אונדזער איצטיקע עפּאָכע פון פאַרשאַרפטן קלאַסנקאַמף. די אַלע נײַע ווערטער—סײַ אינגאַנצן נײַגעבילדעטע, סײַ באַנײַטע, מיט זייערע נײַע באַטײַטן און ניואַנסן, אָט די גאַנצע נעאָלאָגיזאַציע אין ברייטסטן זינען פון וואָרט מוז, פאַרשטייט זיך, פאַרנעמען אינעם ווערטערבוך דעם אָנגעוויזענעם אָרט און בילדן איינעם פון זײַנע כאַראַקטעריסטישסטע שטריכן.

2) צו דעם שליסט זיך אָן נאָענט אַ צווייטער מאָמענט. די רעוואָליוציע, די דיִאַלעקטיש־מאַטעריִאַליסטישע וועלט-אָנשויונג, די צעבליִונג פון דער מאַרקסיסטיש-לענינישער טעאָריע און מעטאָדאָלאָגיע האָט רעוואָלירט אַ גאַנצע רײ וויסנשאַפטלעכע געביטן, האָט אַרײַנגעטראָגן קאַרדינאַלע ענדערונגען אין דעם

פארשטיין, אין דער דעפיניציע פון אסאך וויסנשאפטלעכע באגריפן (אין דער פילאָזאָפיע און פסיכאָלאָגיע, ליטעראטור-קענטעניש און שפראך-וויסנשאפט, אין געשיכטע און עקאָנאָמיק, אפילע אין די נאטורוויסנשאפטן און טעכניק א. אז. וו.). זעלבסטפארשטענדלעך, אז דאָס אלץ וועט זיך מוזן אָפּשפּיגלען אין די אויסטייטשונגען פונעם וו"ב, ספּעציעל, בא אויסטייטשונגען פון אבסטראקטע באגריפן.

דאָס שווערסטע אָבער, וואָס עס שטייט אונדז פאָר, איז אויסארבעטן די פּרינציפּן פון קאָנסטרויִרן די אויסטייטשונג. דאָ וועט אמערסטן אויסקומען דורכ־צוברעכן נייע וועגן. עס וועט אויסקומען צו באהערשן די דערגרייכונגען אין דעם געביט פון דער ביז איצטיקער בורזשואזער לעקסיקאָגראפיע, בייקומען זיי און שאפן נייע וועגן לויט די פּרינציפּן פון דיאַלעקטיש-מאטעריאַליסטישער, מארקסיסטיש־לענינישער מעטאָדאָלאָגיע.

6

דאָ וועלן מיר זיך פארנעמען דעריקער מיטן קלאָר מאכן אין וואָס בא-שטייט די פּראָבלעם, וואָס פאר א באדינגונגען פאָדערן זיך, קעדיי די דעפי-ניציע פון וואָרט זאָל אונדז קענען צופרידנשטעלן. וועבסטער פּרוווט זיך אָפּאטערן די דאָזיקע פראגע מיט אזא מין קלאל: „די דעפיניציע דארף אלעמאָל זיין פּאָשעטער איידער די זאך, וואָס ווערט דעפינירט". לויטן גראָדן סייכל, דאכט זיך, זייער גערעכט. אין דער עמעסן אָבער — דורכויס פאלש. ערשטנס, איז די פּאָרמולירונג א ריין אויסערלעכע — פּאשטעס. ווי זאָל עס אָבער דער-גרייכט ווערן? וואָס זאָל דאָרט ליגן אין טאָך, אין דער דאָזיקער פּאשטעס? ביפראט, אז מיר האָבן נאָך דאָ צו טאָן מיט אן אויסטייטש-ווערטערבוך, ד.ה., מיט א ווערטערבוך פון דער אייגענער מוטערשפראך, ווו די מערסטע ווערטער זיינען דאָך יעדערן, וואָס נוצט דעם ווערטערבוך, אין אלגעמיין באקאנט. איז, לעמאָשל, ווען מיר נעמען אזא וואָרט ווי „דערלאנגען" אין זינען פון „אָנרירן, קומען אין בארירונג אויסשטרעקנדיק די האנט" (איך נעם איינע פון די אויס-טייטשונגען, אומגיצפּער ווי זי איז געגעבן בא וועבסטערן), טאָ מיט וואָס איז די דאָזיקע דערקלערונג „פּאָשעטער" פאר דעם ייִדיש־ריידער (דאָס זעלביקע איז, פארשטייט זיך, אויך פארן ענגליש-ריידער), איידער דאָס וואָרט „דערלאנגען" גופע? אויב מע זאָל צוגיין אויסשליסלעך פונעם שטאנדפּונקט פון פּאָרמעלער פּאשטעס, דארף מען דעם, וואָס רעדט אף זיין מוטערשפּראך, אזעלכע „פּאָ-שעטע" ווערטער איבערהויפּט גאָר ניט דערקלערן, וואָרעם ער ווייס זיי און געוויינטלעך ניצט ער זיי ריכטיק. אינדערעמעסן איז אָבער די זאך גאָר ניט אזוי „פּאָשעט". עפּשער גראָד בא אזעלכע פּאָשעטע ווערטער, וואָס מע ניצט זיי טאָג-טעגלעך, איז ערשט נייטיק אופּצודעקן זייער אינהאלט, וואָס, גע-וויינטלעך, טראכט מען גאָר וועגן אים ניט, מע האלט אים ניט אין זינען. לאָמיר פּרוּוון דערקלערן דאָס זעלביקע וואָרט „דערלאנגען", לאָמיר זאָגן, אזוי: „קומען אין בארירונג, באקומען, נעמען עפּעס, ווען מע מוז דערביי בייקומען א געוויסע שטערונג, ווי רוים (די זאך געפינט זיך אף א געוויסן מעהאלעך), ארויסקריגן פון דער טיף צי פון פייער און ד. גל., און דעריבער מוז מען דערביי אָנווענדן א געוויסע אָנשטרענגונג (אויסציִען זיך, אויסשטרעקן די האנט, צ. ב.ש.), באנוצן זיך מיט א הילף-מיטל (א שטעקן, אן אינסטרומענט)

און אז. וו."[1]) אזא ארט דערקלערונג איז וויכטיק ניט נאָר דערמיט, וואָס זי ברענגט ארויס קלאָרער פארן ריידערס באוווסטזיַין דעם אינהאלט פון וואָרט, צו וואָסערן ער איז, דאכט זיך, אזוי געווינט (ער „דערוויסט זיך", אז ער רעדט „פראָזע", אזוי צו זאָגן), זי איז וויכטיק ניט נאָר דערמיט, וואָס זי עפנט א וועג צו פארשטיין די וויַיטערדיקע אנטוויקלונג פונעם וואָרט־באטיַיט (לעמאָשל, „דערלאנגען" אין אבסטראקטן זינען, נאָענט צום באגריף „דערגרייכן"), זי איז וויכטיק נאָך דערמיט, וואָס זי העלפט ארויס באם אָנווענדן דאָס וואָרט אין צווייפלהאפטע פאלן, אָדער בא א נײַער סיטואציע, ווען עס קומט אויס צו פארטראכטן זיך, צי דאָס באטרעפנדיקע וואָרט פאסט זיך אין געגעבענעם פאל, צי ניט. גייט מען אָבער צו ריין פאָרמעל מיטן באגריף „פאשטעס" צו דער דערקלערונג, ווארפט זיך גלײַך אין די אויגן, אז דאָס וואָרט „דערלאנגען" אליין איז „פאָשעטער", „פאשטענדלעכער", „קאָנקרעטער" איידער די באגריפן און פאָרמולירונגען, וואָס זײַנען באנוצט געוואָרן אין דער דערקלערונג. וואָרעם סע האנדלט זיך דאָ ניט (אין דעם גרעסטן טייל פאלן) דאפקע וועגן „שווערע" ווערטער, וואָס מע דארף „פ א ר ט ײַ ט ש ן" (אזעלכע, פארשטייט זיך, זײַנען אויך פאראן), נאָר אין א ו י ס ט ײַ ט ש ן, אופדעקן דעם אינהאלט פונעם וואָרט, אלציינס צי ער איז א גרינגער, א „פ אָ ש ע ט ע ר", צי א שווערער. דעריבער איז ניט ריכטיק וועבסטערס קלאל, און ער שטימט ניט מיט דער ווירקלעכקײַט.

וואָס איז דער ציל פון דער אויסטײַטשונג? מיר זאָלן דערקענען דעם קעגנשטאנד, דעם באגריף, וואָס דאָס וואָרט באצייכנט, אין זײַן גאנצער פולקײַט און פילזײַטיקײַט; דערצו דארף מען נאָך נעמען אין באטראכט די אייגנשאפטן און אנטוויקלונג פון דעם וואָרט ווי א ש פ ר א ך־דערשײַנונג, וואָרעם דאָס באוווסטזײַן און די שפראך און, הייסט עס, אנטשפרעכיק, דער באגריף און דאָס וואָרט זײַנען אן איינהײַט א דיאלעקטישע. וואָס מער מיר דערקענען דעם וואָרט-באגריף (לאָמיר עס אזוי אָנרופן), אלץ מער קריגט ער סימאָנים, דערקלערונגען, אויסטײַטשונגען, אלץ ריַיכער, קאָמפליצירטער, ווערט אונדזער פאָרשטעלונג וועגן אים. הייסט עס, אז ניט אין פראָסטע פאשטעס גייט עס דאָ, נאָר אין עפּעס גאָר אנדערס. עס גייט די פראגע וועגן אופדעקן די גאנצע רײַכקײַט פון אינהאלט, וואָס דאָס וואָרט פארמאָגט אין זיך. אָט ווי לענין גייט צו צו דער פראגע וועגן דעפיניציעס. אין דער בראָשור „נאָכאמאָל וועגן די פראָפארייִנען, וועגן דעם לויפיקן מאָמענט און וועגן די טאָעסן פון די כאווײרים טראָצקי און בוכארין", אויסניצנדיק כּי בוכארינס בײַשפּיל מיט דער דעפיניציע פון א „גלאָז", שרײַבט כּי לענין: „די פאָרמעלע לאָגיק... נעמט פאָרמעלע דעפיניציעס, אדויסגייענדיק פון דעם, וואָס איז אמערסטן געוויינטלעך אָדער וואָס ווארפט זיך אָפטער אין די אויגן, און דערמיט באנוגנט זי זיך. אויב מע נעמט דערבײַ צוויי אָדער מער פארשיידענע דעפיניציעס און מע פארייניקט זיי גאנץ צופעליק צוזאמען..., דאן באקומען מיר אן עקלעקטישע דעפיניציע, וואָס ווײַזט אָן אף פארשיידענע זײַטן פון דעם קעגנשטאנד — און גאָר.

„די דיאלעקטישע לאָגיק פאָדערט מיר זאָלן גיין ווײַטער. קעדיי ווירקלעך צו קענען א קעגנשטאנד, מוז מען ארומכאפן, אויסלערנען אלע זײַנע זײַטן,

---

[1]) מיר ריידן דאָ נאָר וועגן א יי ן באטײַט פון דעם וואָרט „דערלאנגען".

פאַרבינדונגען און „פאַרמיטלבאַרונגען“. מיר וועלן עס קיינמאָל ניט דערגרייכן אין דער פולער מאָס, אָבער די פאָדערונג פון אַלזײַטיקײַט וועט אונדז פאַרהיטן פון פעלערן און פון פאַרגליווערט ווערן [от омертвения], דאָס איז איינס. צווייטנס, פאָדערט די דיאַלעקטישע לאָגיק, אַז דער קעגנשטאַנד זאָל גענומען ווערן אין זײַן אַנטוויקלונג, „זעלבסטבאַוועגונג“ (ווי העגעל זאָגט עס אַמאָל), ענדערונג. בענעגייע א גלאָז איז דאָס ניט גלײַך אַזוי קלאָר, אָבער אַפילע א גלאָז בלײַבט ניט אומפאַרענדערלעך, און איבערהויפּט ענדערט זיך דאָס צו וואָס די גלאָז איז באַשטימט, איר באַנוץ, איר פאַרבינדונג מיט דער אַרומיקער וועלט. דריטנס, די גאַנצע מענטשלעכע פּראַקטיק מוז אַרײַן אין דער פולער „דעפיניציע“ פון קעגנשטאַנד אי ווי קריטיק פון דעם עמעס, אי ווי דער פּראַקטישער באַשטימער פון דער פאַרבינדונג פון דעם קעגנשטאַנד מיט דעם וואָס איז נייטיק דעם מענטשן. פערטנס, די דיאַלעקטישע לאָגיק לערנט, אַז „קיין אַבסטראַקטער עמעס איז ניטאָ, דער עמעס איז אַלעמאָל קאָנקרעט“, ווי עס פלעגט ליב האָבן נאָכצוזאָגן העגעלן דער פאַרשטאָרבענער פּלעכאַנאָוו“...

די דאָזיקע פאָרמולירונג לענינס דאַרף, לויט מײַן מיינונג, געלייגט ווערן אין גרונט פון די פּרינציפּן, וואָס עס דאַרפן אײַנגעשטעלט ווערן באַם בויען די דעפיניציע, די אויסטײַטשונג פון וואָרט. קעדיי זיך דאָס קאָנקרעטער פאָרצו-שטעלן, לאָמיר זען ווי אַזוי ווערט געבויט די דעפיניציע אין א ריי ווערטער-ביכער, וועט אונדז קלאָרער ווערן וואָסערע דערגרייכונגען די בורזשואַזע לעק-סיקאָגראַפיע האָט זיך דערשלאָגן אין דעם פּראַט, דורך וואָסערע מיטלען זי קומט צו דעם. עס וועט אונדז אויך קלאָר ווערן, צו וואָס מיר דאַרפן שטרעבן, קעדיי צו ענטפערן אף דער פאָדערונג פון דער מאַטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק אין פּראַט פון דעפינירן, אויסטײַטשן ווערטער אין דעם ספּעציעלן געביט, מיט וואָסערן מיר פאַרנעמען זיך דאָ — אין לעקסיקאָגראַפיע.

שוין די אוטאָרן פון דעם פראַנצייזישן אַקאַדעמישן ווערטערבוך האָבן זיך אָנגעשטויסן אף דער שוועריקײַט באַם אויסטײַטשן ווערטער ניט מיט דער הילף פון איבערזעצן זיי אף אַן אַנדער שפּראַך, נאָר מיט די מיטלען פון דער זעלביקער שפּראַך. וואָרעם דאָ מוז מען דאָך, ווילנדיק ניט ווילנדיק, אַרײַנלאָזן זיך אין אויפדעקן דעם סאַמע אינהאַלט פונעם באַגריף, וואָס דאָס וואָרט באַ-צייכנט. „עס איז פאַראַן, — שרײַבן די רעדאַקטאָרן פון דער 6-טער אויסגאַבע (1835) פון אָט דעם וו״ב, — פיל ווערטער, וואָס מע קען ניט דעפינירן, ווײַלע מען קען זיי ניט פאַרטײַטשן דורך א באַגריף א מער קלאָרן, איידער דער וואָס זיי אַליין אַנטהאַלטן. דאָס זײַנען די ווערטער, וואָס פּאַסקאַל רופט זיי פּרי-מיטיווע און וואָס ער פאַרגלײַכט זיי מיט די אָנפאַנגלעכע באַגריפן, מיט וואָסערע די געאָמעטריע אָפּערירט און דערקלערט זיי ניט, — רוים, צײַט באַוועגונג און אַנדערע. אַזוי איז אויך א מאַסע אַנדערע ווערטער, וואָס זײַנען שײַעך צו די סאַמע וואָרצלען פון אונדזער באַוווסטזײַן, און וואָס זײַ-נען אונדז פאַרשטענדלעך דורך דער נאַטירלעכער דערקענטעניש: מיר קענען זיי איבערזעצן, אַרומריידן, אף א געוויסן אויפן באַשרײַבן זיי, מיר וועלן זיי אָבער ניט קענען דעפינירן; סײַדן מיר וועלן ריזיקירן אַרײַנפאַלן אין א ווילקיר-לעכער קלאַסיפיקאַציע, וואָס איז פאַרענדערלעך, אָדער אין אַן אומבאַשטימטער דערקלערונג, וואָס זאָגט גאָרניט. פּאַסקאַל לאַכט פון די, וואָס האָבן, אין זײַן צײַט, דעפינירט ליכט, א „ליכטיקײַט-באַוועגונג פון לײַכטנדיקע קערפּערס“.

און אַזעלכע פֿאַלן פֿון „באַהאַלטן אײן אומבאַהאָלפּנקײַט באַם דעפֿינירן מיט דער אַנדערער", זײַנען אין דעם וו״ב געווען און זײַנען אויך פֿאַרבליבן. באַ אַב־
סטראַקטע באַגריפֿן גיט דער וו״ב קיין שום דעפֿיניציע ניט און באַנוגנט זיך מיט
דערקלערן זיי דורך סינאָנימען. לאַרוס, ווערלכער זעט מיט אַלע מיטלען ניט
אַרונטערצורײַסן דעם אויטאָריטעט פֿון דער אַקאַדעמיע, פֿרווט עס אַפֿילע באַ־
רעכטיקן דערמיט, וואָס „אַט די ווערטער, וואָס דריקן אויס אַלגעמיינע באַ-
גריפֿן, ווען מע זאָל זיי דעפֿינירן, אַזוי צו זאָגן, פֿילאָזאָפֿיש", איז, ערשטנס,
„וועלן עס גאָר אַ קליינע צאָל מענטשן פֿאַרשטיין", און, צווייטנס, וועט
מען שטענדיק „באַשטרײַטן די פּינקטלעכקײַט פֿון קימאַט אַלע די דעפֿיניציעס,
אַף אַזויפֿיל איז דאָ באַ די פֿילאָזאָפֿן גופֿע ניטאָ קיין איינשטימיקײַט".

די רעדאַקטאָרן אַליין פֿונעם וו״ב זאָגן, אַז אַזעלכע באַגריפֿן איז ניט מעג־
לעך צו דעפֿינירן, ווײַלע זיי זײַנען צו קלאָר, צו פּרימיטיוו, זיי זײַנען „נאַ־
טירלעך געגעבן געוואָרן" אונדזער דערקענטעניש; לאַרוס, קעגנטיק, האַלט, אַז
דעפֿינירן וואָלט מען זיי יאָ געדאַרפֿט, מיסטאַמע איז עס אויך מעגלעך, נאָר וואָס
דען — די פֿילאָזאָפֿן האָבן זיך נאָך צווישן זיך ניט צונויפֿגערעדט, איז ניט
קעדײַ אַרײַנצומישן זיך אין זייערע סיכסוכים, און דעריבער איז גוט, וואָס
דער אַקאַדעמישער וו״ב האָט ניט געגעבן קיין „פֿילאָזאָפֿישע" דעפֿיניציעס.
פֿונדעסטוועגן מוז ער מודע זײַן, אַז עס איז ניט גאָר באַקוועם, ווען
„surprise" ווערט דערקלערט דורך „étonnement" [=פֿאַרוואונדערונג] און
„étonnement" דורך „surprise", „économie" דורך „épargne"
[=אײַנשפּאָרונג] און „épargne" דורך „économie", „exister" דורך
„être" [=זײַן] און „être" דורך „exister".

די רעדאַקטאָרן פֿונעם וו״ב באַהויפּטן, אַז דערפֿאַר האָבן זיי געזען אויפֿ-
קלערן און אַנאַליזירן באַ אַסאַך ווערטער די פֿאַרשיידענע ניואַנסן זייערע, וואָ-
רעם עס איז ניטאָ אין אַ שפּראַך קיין צוויי אויסדרוקן, וואָס זאָלן האָבן פּונקט
דעם זעלביקן באַטײַט און וואָס מע זאָל זיי קענען פֿולשטענדיק פֿאַרבײַטן
איינס מיטן אַנדערן. קומט לאַרוס און באַווײַזט, אַז ניט נאָר באַ אַבסטראַקטע
באַגריפֿן, נאָר, דאַכט זיך, באַ אַזאַ פּאָשעטן וואָרט ווי „אייזל" מאַכן די אַקאַ-
דעמיקער פּונקט דעם זעלביקן פֿעלער, ווי באַ יענע „פֿילאָזאָפֿישע" באַגריפֿן: זיי
דערקלערן דעם וואָרט „âne" דורך „baudet" [ביידע באַטײַטן
„אייזל"], אין דער צײַט ווען עס איז דאָ אַ גאַנץ פֿאַרשיידענע באַציִונג צום
אייזל אין די צוויי ווערטער: „âne" מיינט אַן אייזל ביקלאַל, אַ נוצלעכע
שלעפּ-כאַיע, עפּשער טאַקע אַ נאַרישע, אָבער אַ געדולדיקע, אַ קאָרבן פֿון
עקספּלואַטאַציע און שלעכטער באַהאַנדלונג; פֿאַרקערט „baudet", דאָס איז
אַ קאָמישע פֿיגור. ענלעכע טײַנעס מיט ענלעכע בײַשפּילן ברענגט אויך
ליטרע. אינטערעסאַנט איז אָבער נאָך איין מאָמענט, וואָס ניט לאַרוס, ניט
ליטרע פֿאַרצייכענען עס ניט: דאָס וואָרט „âne" גופֿא פֿאַרטײַטשט דער
אַקאַדעמישער וו״ב: „אַ שלעפּ-כאַיע מיט לאַנגע אויערן"... הייסט עס, די זאַך
גייט ניט נאָר אין דעם „פֿילאָזאָפֿישן" אינהאַלט, וואָס די אַקאַדעמיקער האָבן
באַוווּסטזיניק אויסגעמיטן און וואָס לאַרוס סאַנקציאָנירט עס, ניט נאָר אין דעם עמאָ־
ציאָנעל־פּסיכאָלאָגישן אינהאַלט, אין דער סאָציאַלער אַטמאָספֿער פֿון אַ וואָרט,
וואָס די אַקאַדעמיקער האָבן אַמאָל געקענט פֿאַרזען און קעגן וואָס לאַרוס פּראָ-

סעססירט,—עס גייט אויך אין דעם דערקענען די זאכן גופא, די אָביעקטיווע ווירקלעכקייט, אינעם איינזען, באם אייזל נאָר... זיינע לאנגע אויערן... צי האָט אָט די דאָזיקע ארט דערקענטעניש פון דער אָביעקטיווער ווירקלעכקייט, וואָס מיידט אויס מיט אריסטאָקראטישער גייווע אריינצודרינגען טיפער אינעם טאָך פון די זאכן, צי האָט ניט אָט די דערקענטעניש גוירעם געווען אויך די דע-פעקטן אין דער אייזל-דערקלערונג, וואָס האָבן אזוי אופגעבראכט דעם רויקן לארוס, אז ער זאָגט: ווען לאפאָנטען וואָלט געווען זיין דערביי, „וואָלט ער געשריִען געוואלד".

די פראגע וועגן דעם „פילאָזאָפישן" אינהאלט פון וואָרט איז ניט איינמאָל באהאנדלט געוואָרן דורך לעקסיקאָגראפן. גיזאָ ענדיקט זיין שטודיע וועגן סינאָנימען, וואָס גייט ווי אן אריינפיר צו זיין „אוניווערסאלן ווייב פון סינאָני-מען אין דער פראנצייזישער שפראך" (די ערשטע אופלאגע 1809; איך האָב אונטער דער האנט די 8-טע אופלאגע פון 1873) אזוי: „ביקלאל, סטארעט מען זיך ווייניק אין פראנקרייך צוצוגעבן די פאָרשונגען א פילאָזאָפישע ריכטונג: אלגעמיינע טעאָריעס זיינען אונדז ווייניק נאָענט; מע זאָגט, עס שרעקט אונדז אָפּ די גייסטיקע אָנשטרענגונג און נאָכפאָרשונג, וואָס זיינען דערצו נייטיק דאָך קענען נאָר זיי אליין אנטהאלטן ברייטערע אויסבליקן און פאָזיטיווע קלאָ-לים; נאָר זיי אליין קענען אריינטראָגן אן איינהייטלעכקייט אין אונדזערע בא-גריפן און מיינונגען; איך זע איין צווישן אָט די טעאָריעס און ספעציעלע פאָר-שונגען דעם זעלביקן אונטערשייד ווי צווישן ביכער פאַר דערוואקסענע און ביכער פאַר קינדער; די לעצטע דארפן קומען פריִער פאַר יענע, זייער אָרט דארף זיין אין אָנהייב פון אונדזער לעבנסוועג אין בילדונג און ארבעט; אָבער ניט גיין ווייטער דערפון, ניט גרייכן צו יענע אלגעמיינע פרינציפן, וואָס זייער אָנווענדונג אנטהאלטן זיי, הייסט פארלירן די פרוכט פונעם באקומענעם ליכט און פון די אָנגעזאמלטע מאטעריאלן". ד. ה., אז די פאָרשונג-ארבעט דארף שטענדיק אָריענטירן זיך אף געוויסע אלגעמיינע טעאָריעס, דארף האָבן א בא-שטימטע פילאָזאָפישע ריכטונג. דירעקט בענעגייע אויסטייטשן ווערטער, זאָגט ער פון אָנהייב אָן: „קעדיי צו דעפינירן דעם אייגענעם באטייט פון א וואָרט, דארף מען אים באטראכטן פון צוויי שטאנדפונקטן: א לאָגישן און אן עטי-מאָלאָגישן. וואָס איז שייך דעם ערשטן, איז דער א נ א ל י ז פ ו ן ד י ב א-ג ר י פ ן (אונטערגעשטראָכן פון אונדז — כ. ה.), פון וואָסערע דער באטייט פון וואָרט ווערט צונויפגעשטעלט, דער וועגווייזער, וואָס מיר דארפן נאָכפאָלגן... דער אנאליז פון די באשטאנד-באגריפן פון א וואָרט ברענגט אין רעזולטאט א גוטע דעפיניציע".

אף אָט דעם סמאך בויט ער נאָכדעם אויס, ספעציעל פאַר דער סינאָנימיק, א גאנצע סכעמע, א פאָרמעל-לאָגישע, וועגן באגריפן קאָאָרדינירטע און סוב-אָרדינירטע. מיר וועלן זיך איצט ניט אָפּשטעלן צו אנאליזירן די דאָזיקע סכעמע, דאָ אינטערעסירט אונדז דער ווייטערדיקער גורל פון די „אלגעמיינע טעאָ-ריעס", פון דעם „פילאָזאָפישן" מאָמענט אין דער וואָרט-פאָרשונג. פארבייגיי-ענדיק וועלן מיר נאָר באמערקן, אז דער דאָזיקער פילאָזאָפישער מאָמענט בא גיזאָ באגרענעצט זיך ניט מיט דער לאָגישער נאָמור אליין פון די באגריפן. לייענענדיק די ארטיקלען פון דעם ווייב, זעט מען גלייך, אז זיי זיינען דורכ-געדרונגען מיט א באשטימטער פילאָזאָפישער און פּאָליטישער וועלטאָנשויונג.

דאָס קריגט אָבער אַן אויסדרוק ניט אַזוי אין דעם פּרינציפּ פון אויס־טײַטשן, ווי מערסטן אין דער איליוסטראַציע, אין דעם ארומריידן די באַגריפן, אנדערש גערעדט, באַם באַווײַזן די אָנווענדונג פונעם וואָרט אין דער פּראַקטיק, אין דער עמפּיריע.

גיזאָס וו״ב איז שפּעטער מיטן פולן העסקעם פון דעם רעדאַקטאָר איבער־גערעדאַקטירט געוואָרן און אין פיל שטעלן דערגאַנצט געוואָרן דורך פּיגאַראָל. צו פּיגאַראָלס האַקדאָמע, וואָס מיר ציטירן דאָ ווײַטער (אָנגעשריבן אין 1859, צו דער 5־ער אויפלאַגע), שרײַבט צו גיזאָ, אַז ער האָט גאָרנישט וואָס צוצוגעבן, אַף וויפל די לעקסיקאַלישע אידייע און דער ציל פונעם בוך איז ניט געענדערט. די זאַך איז אָבער ניט גאָר אַזוי. דערהויפּט טאַקע בענעגייע דער פראַגע וועגן דעם דערמאָנטן „פילאָזאָפישן" מאָמענט. פּיגאַראָל שטרעבט אַריבערצוטראָגן דעם שווערפּונקט פון אָט דעם פילאָזאָפישן מאָמענט צו דעם ריין פילאָלאָגישן, באַהאַנדלען דאָס וואָרט, דעריקער, אין זײַן אָפּגעזונדערטקייט פון דעם אַרום, אײַנגעשלאָסן אין די ריין פילאָלאָגישע גרענעצן. אָט ווי ער שטעלט די פראַגע: „דאָס שטודיום פון ווערטער קען זיך באַגרענעצן מיט די ווערטער אַליין: דאַן איז עס פילאָלאָגיע; עס קען אָבער, שטענדיק זיך אַ העכערן ציל, באַטראַכטן אין די ווערטער, ניט די ווערטער, נאָר די באַגריפן, וואָס זיי שטעלן פאָר, און שטרעבן, דעפינירנדיק פּינקטלעך די ווערטער, דע־פינירן פּינקטלעך די באַגריפן; דאַן טרעט עס אַרײַן אין פילאָזאָפיע. אַ וו״ב פון סינאָנימען דאַרף דעפינירן די ווערטער, קעריי צו דערקלערן די פאַר־שיידנקײַטן פון באַטײַט, וואָס שיידן זיי אונטער, און ווערטער לאָזן זיך מער־סטנס אַנדערש ניט דעפינירן, ווו מע דעפינירט ניט די באַגריפן, וואָס זיי דאַרפן פאָרשטעלן; קעדיי צו קומען צו אַ פּינקטלעכער דעפיניציע פון ווערטער דאַרף מען זיך באַנוצן מיט פילאָלאָגיע, דערקלײַבן זיך צום אָפּשטאַם פון די ווער־טער, פאַרצייכענען די פאַרשיידענע וואָרצלען, וואָס שאַפן דעם אונטערשייד אין באַטײַט, אָדער די אומענדערונגען פונעם זעלביקן וואָרצל, וואָס דינען צו אונטערשיידן צווישנאַנאַנד ווערטער פון איין פאַמיליע. עס שטעלט זיך גלײַך אַ צווייענדיקע געפאַר: די פילאָלאָגיע האַלט אײַך אײַן, די פילאָזאָפיע רופט און ציט אײַך ווײַטער. ווי אַזוי מײַדט מען אויס ניט אַרײַנצופאַלן אין דעם צי אין יענעם עקסטרעם, ניט פאַרבײַגיין דעם ענדציל, אָדער ניט אָננעמען פאַרן ציל פון דער אַרבעט דאָס, וואָס איז אין דער ווירקלעכקייט און דאַרף פאַר־בלײַבן ניט מער ווי אַ מיטל? ניט צו זײַן אויסשליסלעך אַ פילאָזאָף, ניט אויס־שליסלעך אַ פילאָלאָג? עס איז דאָ נאָר איין וועג, ניט פאַרגעסן, אַז מע מאַכט אַ וו״ב, און אַ וו״ב פון סינאָנימען". ווי זשע דאַרף מען גיין אַף אָט דעם וועג? לייענען מיר מיט אַ פּאָר זײַטלעך ווײַטער: „אַ וו״ב פון סינאָנימען דאַרף זיך באַגרענעצן מיט די ווערטער; און אויב ער איז, פון צײַט צו צײַט, געצוווּנגען אַרײַנצודרינגען אין דער טיפעניש פון די באַגריפן, קעדיי דאָרט צו געפינען דעם אונטערשייד צווישן ווערטער, דאַרף די פילאָזאָפיע (אויב דאָס דעפינירן אַבסטראַקטע באַגריפן איז ווערט צו טראָגן אָט דעם נאָמען) אַלץ טאַקע זײַן ניט מער ווי אַ מיטל. עס איז אַ גרויסער מעהאַלעך צווישן דעם באַטײַט פון אַ וואָרט און דעם באַגריף, וואָס דאָס וואָרט שטעלט פאָר, צווישן דעם, וואָס מע פאַרשטייט געוויינטלעך אונטערן וואָרט, און דאָס אַלץ, וואָס מע דאַרף באַנעמען אונטער דעם וואָרט. אַלע, צום בײַשפּיל, וועלן זאָגן, אַז אונ־

טערן וואָרט „âme“ [=נעשאָמע] פאַרשטייט מען דעם ניט מאַטעריִעלן טייל פון אונדזער וועזן, אין קעגנזאַץ צום קערפּער; איז דאָס אַלץ וואָס די פילאָזאָפיע דאַרף לערנען אָדער שטרעבן צו וויסן וועגן „נעשאָמע“? אָן צווייפל, ניט: איר מעהוס, איר נאַטור, אירע אייגנשאַפטן, איר טעטיקייט, דאָס אַלץ דאַרף אַרײַן אין איר געביט. א וו״ב פון סינאָנימען דאַרף ניט גיין ווײַטער פון אַן אַלגעמיינער דעפיניציע, עמעס א פּינקטלעכער, וואָס וועט ניט דערלאָזן צוּגויפמישן איין וואָרט מיט אַן אַנדערן א קרויווישן און וועט זײַן גענוג פאַרן לעזער, וואָס וויל וויסן זייער אונטערשייד; מע דאַרף דעפינירן די ווערטער, ניט די באַגריפן. וויל מען צופיל פאַרטיפערן דעם אינהאַלט, פאַרטונקלט מען אים אָפט, און וועלנדיק צופרידנשטעלן דעם פילאָזאָפישן לעזער, באַזײַטיקט מען די, וואָס זײַנען עס ניט און פאַר וועמען מע מאַכט גראָד א וו״ב פון סינאָנימען. ניט דאָ וועלן פילאָזאָפן גיין זוכן די דעפיניציע, צי די אונטערשיידן פון זייערע ווערטער. די פילאָזאָפיע מאַכט זיך אַליין איר וו״ב; יעדער שול, יעדער פילאָזאָף האָט אַן אייגענעם; א וו״ב פון סינאָנימען דאַרף שטרעבן ניט צו האָבן קיין קעגנער, און די פילאָזאָפיע קען עס ניט אויסמײַדן; און פון אַלע לעשוינעס איז די שפּראַך פון דער פילאָזאָפיע די, וואָס האָט, קורץ גערעדט, די גרעסטע זעלבסטצופרידנקייט און די קלענסטע באַשטענדיקייט“.

עס הייסט אַזוי — קעדיי צו דעפינירן די ווערטער מוז מען דעפינירן די באַגריפן (אין טאָך איז, פאַרשטייט זיך, קיין אונטערשייד ניט — צי עס האַנדלט זיך וועגן באַזונדערע ווערטער, צי וועגן סינאָנימען, וואָרעם פיגוראַל אַליין איז דאָך מוידע, אַז קעדיי צו קומען צו די אונטערשיידן צווישן ווערטער מוז מען פריִער פּינקטלעך דעפינירן יעדער וואָרט באַזונדער), אָבער דאָס שמעקט שוין מיט „פילאָזאָפיע“, און מיט פילאָזאָפיע טאָר מען זיך ניט פאַרכאַפּן, וואָרעם, ערשטנס, איז עס ניט צוטריטלעך פאַרן ברייטערן עולעם („ביכער פאַר קינדער“ !?); צווייטנס, איז פילאָזאָפיע א געביט, ווו עס איז ניטאָ קיין אייניקייט — יעדער פילאָזאָף, צי יעדער פילאָזאָפישע שול פאַרשטייט אַנדערש די זעלביקע באַגריפן, און א ווערטערבוך דאַרף זײַן איינער גילטיק פאַר אַלעמען; דריטנס, איז די פילאָזאָפיע („ביכער פאַר דערוואַקסענע“!), בא אַלע אירע פּרעטענזיעס, זייער ניט קיין באַשטענדיקע זאַך, — אַפּאָנעם אַז א וו״ב מוז זיך יאָ אויסצייכענען מיט אומפאַרענדערלעכער באַשטענדיקייט... אײַ מע מוז דאָך פאָרט דעפינירן די באַגריפן, קעדיי צו דעפינירן דאָס וואָרט, איז דער אויסוועג — געבן נאָר אַן אַלגעמיינע דעפיניציע, וואָס זאָל זײַן גענוג פאַרן לייענער ער זאָל דערקענען דעם אונטערשייד צווישן צוויי קרויווישע ווערטער און ניט פאַרבײַטן זיי. און לאָמיר צוגעבן פון אונדזער זײַט — די דאָזיקע אַלגעמיינע דעפיניציע דאַרף אויך זײַן ניט צופיל, קעדיי ניט אַרויסצורופן קיין כלוקעדייעס... ד. ה., אַז דאָס ביסעלע „פילאָזאָפיע“, וואָס מע קען זיך פאַרגינען צו דערלאָזן, דאַרף זײַן ניט מער ווי אָפּן שפּיץ מעסער. עס איז נאָר א פראַגע, צי אַפילע אָט די שפּיצמעסער-פילאָזאָפיע וועט גאַראַנטירן פון קעגנערשאַפט, וואָס איז אַזאַ „סאַקאָנע“ פאַר א וו״ב. וואָרעם אָט די „אַלגעמיינע“ דעפיניציעס מוזן דאָך אויך קומען פון עפּעס א פילאָזאָפיע, ווי מע קען עס אַפילע זען באַטש פון דעם וואָרט „âme“ [=נעשאָמע], וואָס ווערט דאָ געבראַכט פאַר א בײַשפּיל, און וואָס עס ווערט נאָך קלאָרער, ווען מע זעט דאָס אַרטיקעלע

„âme, esprit“ [=נעשאָמע, גײַסט] אין דעם װ״ב גופע. אגעװ געהערט אָט דאָס אַרטיקעלע אינגאנצן דעם רעדאקטאָר פיגאראָל. מיר ברענגען דאָ דעם טײל פונעם אַרטיקעלע, װאָס פאַרנעמט זיך גראָד מיט דער „פילאָזאָפיע“ פון די באגריפן: „esprit [=גײַסט] איז א קעגנזאץ צו מאטעריע, âme [=נעשאָמע] איז א קעגנזאץ צום קערפּער. דער ג ײַ ס ט קען זיך ניט פאַרײניקן מיט דער מאטעריע-די נ ע ש אָ מ ע איז פאַרײניקט מיטן קערפּער דורך אומזעבארע פעדים. די מאלאָכים זײַנען רײנע ג ײַ ס ט ע ר. דער מענטש איז אײנצײַטיק ג ײַ ס ט און מאטעריע, ער האָט א קערפּער און א נ ע ש אָ מ ע. װעגן א מענטשן, װאָס האלט באַם שטארבן, זאָגט מען אלצײנס, אז ער האלט באַם אויסהויכן די נ ע ש אָ מ ע אָדער אויסהויכן דעם ג ײַ ס ט. אײנמאָל באפרײַט פון קערפּער, װערט די נ ע ש אָ מ ע צוריק רײנער ג ײַ ס ט“. — מיט דער „פילאָזאָפיע“ איז טאקע בעסער, אז מע הײבט זיך גאָר ניט אָן...

* * *

איצט לאָמיר אינקורצן באטראכטן דעם צװײטן שטאנדפּונקט, װעגן װאָסערן עס רעדט גיזאָ און װאָס ער רופט אים — עטימאָלאָגישער שטאנדפּונקט. צום ערשטן גײט די עטימאָלאָגיע פון װאָרט — „זי לערנט צו דערקענען דעם ערשטן (פּרימיטיװן) באטײַט און, הײסט עס, דעם אײגנטלעכן באטײַט פון װאָרט“. דערבײַ האלט ער פאַר דעם זיכערסטן פון אלע מינים עטימאָלאָגיעס — דעם אָנאָמאטאָפּעיִשן. צװײטנס, דעם מערקװירדיקסטן מיטל צו דערקענען דעם לעכאטכילעדיקן באטײַט פון װאָרט גיבן, לויט זײַן מײנונג, די ענדונגען, ד. ה. װאָרטבילדנדיקע סופיקסן. „די דאָזיקע אונטערשײדן [אין באטײַט פון די פאַרשײדענע סופיקסן], זײַנען זײ נאָר אײן מאָל אײַנגעשטעלט געװאָרן, באשטימען זײ אפן שטעל, לעפּאָכעס בא געװיסע פאַרהעלטענישן, דעם אײגענעם באטײַט פון די װערטער“. דריטנס, קען ברענגען נוצן א פאַרגלײַך מיט דער שפּראך פון װאַנען דאָס װאָרט קומט און מיט נאָענטע לעבעדיקע שפּראכן. ספּעציעל בא סינאָנימען, װאָס שטאמען פון פאַרשײדענע שפּראכן, איז װיכטיק אויפצוקלערן דעם אײגענעם באטײַט פון יעדערן פון זײ אין דער שפּראך, פון װאַנען ער שטאמט. אין ייִדיש, לעמאָשל, בא אזעלכע װערטער, װי „בידעשן זיך“ — „װוּנדערן זיך“, װאָלט אויסגעקומען צו פאַרגלײַכן דעם אײגנטלעכן באטײַט פון „בידעש“ אין העברײִש און „װוּנדער“ אין גערמאניש. ער גיט אָבער אלײן צו, אז „דאָס איז א מיטל, װאָס מע מוז ניצן פאָרזיכטיק. איבערגײענדיק פון אײן שפּראך אין דער אנדערער, בײַטן די װערטער, אזוי צו זאָגן, זײער פאָטערלאנד; זײער אלטע געשטאלט, זײער ערשטער באטײַט ענדערט זיך און װערט צעלײגט: ס׳װעט נאָר זײַן אומזיסט, װען מע װעט װעלן פון זײער אָפּשטאמונג מאכן פּאָזיטיװע אויספירן; דאָס איז א װעגװײַזער, מיט װאָסערן מע קען זיך אָן אײצע האלטן, אָבער ניט אלע מאָל קען מען נאָך אים פאָלגן“. ענדלעך, פערטנס, „קעדײ ריכטיק צו באשטימען דעם אײגענעם באטײַט פון די װערטער, דאַרף מען װיסן די ג׳שיכטע פון די זיטן, די געװוינהײַטן פון דעם פאָלק, װאָס ניצט זײ, און פון דעם פאָלק בא װעמען מע האָט זײ אנטליִען“. ער באװײַזט מיט בײַשפּילן, װי אזוי דאָס זעלביקע װאָרט האָט אין פאַרשײדענע צײַטן, אָפּהענגיק פון ענדערונגען אין די זיטן פון דער געזעלשאפט

געביטן דעם באַטײַט. צו די פיר פונקטן ווערט נאָך צוגעגעבן, אז אויסניצן, פאַרלאָזן זיך דאַרף מען נאָר אף די קלאַסישע שרײַבער, ניט אף די מאָדערנע־ און נאָך ווייניקער אף דער גערעדטער שפּראַך.

פיגאַראָל שטעלט זיך אָפּ דעריקער אף די, אזוי צו זאָגן, ריין פילאָלאָ-גישע פונקטן, מער פון אַלץ אפן צווייטן פונקט. און דאָ גיט ער צו וויכטיקע אָנווײַזונגען. ערשטנס, ווײַזט ער אָן, אז די געזעצמעסיקײַט, וואָס עקסיסטירט אין די ענדערונגען, וואָס די זעלביקע פּרעפיקסן און סופיקסן טראָגן אַרײַן אין דעם באַטײַט פון פאַרשיידענע וואָרצלען, אז די דאָזיקע געזעצמעסיקײַט איז ניט אומבאַוועגלעך, די שפּראַך און איר באַנוץ האָבן זייערע „קאַפּריזן". דערי-בער טאָר מען די אַלע קלאָלים ניט אָנווענדן צו שטרענג. ווײַטער, ווירקט אפן באַטײַט פונעם וואָרט ניט נאָר די ענדונג, נאָר אויך די פאָרמע פונעם וואָרצל-טייל גופא, צו וואָסערן די אפיקסן שטעלן זיך צו—צי איז עס א סובסטאַנטיווישע פאָרמע, צי אן אַדיעקטיווישע א. א. וו. (פרגל. אין יידיש „מענטשהײַט" — „מענטשלעכקײַט", צי אפילע „מענטשישקײַט" — „מענטשלעכקײַט" אָדער „אייני-קײַט" — „איינהײַט". מיר וועלן זאָגן „דיאַלעקטישע איינהײַט פון קעגנזאַצן" אָבער ניט „דיאַלעקטישע אייניקײַט פון קעגנזאַצן"). ווײַטער גיט ער צו, אז אָפּט האָט אים אויסגעהאָלפן צו געפינען דעם אונטערשייד אין באַטײַט צווישן סינאָנימישע ווערטער א ריין גראַמאַטיקאַלישער מיטל: נאָכזען וואָס פאַר א סאָרטן ווערטער לאָזט זיך אויסבילדן פון יעדערן פון די סינאָנימען, וואָס עס קומט אויס צו פאַרגלײַכן — פון איינעם לאָזט זיך אויסבילדן איין סאָרט אַדיעקטיוו צי סובסטאַנטיוו (לויט דעם וואָרטבילדנדיקן סופיקס), פון דעם אַנדערן אַן אַנדער סאָרט אַדיעקטיוו צי סובסטאַנטיוו; פון איינעם לאָזט זיך אויסבילדן א ווערב, פון דעם אַנדערן — ניט א. ד. גל. די דאָזיקע אייגנ-שאַפט אין דער ווײַטערער וואָרט־אויסבילדונג האָט אָפּט געוואָרפן א שײַן אפן אייגנטלעכן באַטײַט פונעם וואָרצל-וואָרט. צו נעמען א יידישן בײַשפּיל: „ליימי-קער" — „ליימענער", פון דעם ערשטן קען מען אויסבילדן א סובסטאַנטיוו „ליימיקײַט", וואָס באַטײַט א געוויסע אייגנשאַפט, פון דעם צווייטן — ניט. דאָס זאָל זײַן א באַווײַז, אז דער ערשטער אַדיעקטיוו „ליימיקער" באַטײַט א געוויסע קוואַליטעט פון א זאַך, דער צווייטער „ליימענער" — א פאַרהעלטע-ניש, אין דעם פאַל, צום מאַטעריאַל, פון וואָס די זאַך איז געמאַכט. אָדער די ווערטער „אומעט" — „לאַנגווײַל" — פון דעם ערשטן לאָזט זיך ניט אויסבילד קיין ווערב אין אן אַקטיווער פאָרמע (מע קען ניט זאָגן „אומעטיקן", מע קאָן נאָר זאָגן „אומעטיק זײַן", „אומעטיק ווערן"), פון דעם צווייטן קען מען אויס-בילדן א ווערב אין אן אַקטיווער פאָרמע — „לאַנגווײַלן" אָדער „לאַנגווײַליקן זיך". פון דאַנען זאָל מען דרינגען, לעמאָשל, אז „אומעט" דריקט אויס מער אן אינעווייניקסטן געמיט-צושטאַנד, וואָס האָט עפּשער גאָר ניט קיין שום אוי-סערלעכע סיבע, וואָס זאָל עס האָבן פאַרורזאַכט, און איז ניט אָפּהענגיק פון אונדזער ווילן; „לאַנגווײַל", אָבער, זאָל זײַן א געמיט-צושטאַנד, וואָס ווערט מערסטנס געשאַפן דורך אויסערלעכע אומשטאַנדן, און ווענדט זיך אָן אונדזער אייגענעם ווילן. און אַז. וו.

ווײַטער, ניצט ער אויס אַזעלכע מיטלען: בא צוויי סובסטאַנטיוון, וואָס „דריקן אויס א טווונג, אָדער א פאַקט, דאַרף מען ניט שטענדיק זוכן דעם אונטערשייד אין דער נאַטור גופא פונעם פאַקט צי פון דער טווונג, נאָר באַט-

ראכטן צי דריקט ניט אויס איינער פון זיי די טוונג בענעגייע דעם טוער, דער אנדערער — בענעגייע דעם וואָס פאַלט אונטער אונטער דער טוונג". ד. ה. ער רעקאָמענדירט צו אונטערשיידן אין אַזעלכע פאַלן אַקטיווקייט און פּאַסיווקייט אין דעם סובסטאַנטיוו.

באַ ווערבן, זאָגט ער, איז דער פּרינציפּ געווען „קיין מאָל ניט האַלטן די אַרבעט פאַר געענדיקט, ווי מע האָט ניט באַטראַכט: 1) דעם ווערב גופא, ד. ה. די טוונג אומאָפּהענגיק פון איר סוביעקט אָדער אָביעקט; 2) דעם ווערב בענעגייע דעם סוביעקט; 3) דעם ווערב בענעגייע זייַן באַהערשונג [דעם אָביעקט]. צום בייַשפּיל פאַרן ווערב "finir„ [=ענדיקן] האָבן מיר זיך געשטעלט אָט די דרייַ פראַגעס: וואָס הייסט עס „ע נ ד י ק ן"? אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד איז דער וואָס ע נ ד י ק ט אָדער האָ ט געענדיקט אַ זאַך? אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד איז אַ געענדיקטע זאַך?"

אין יידיש, לעמאָשל, וואָלט מען עס געקענט אייַנזען באַם פאַרגלייַכן די ווערבן „ענדיקן", אופהערן" און „וואַרפן" (אין דעם זינען פון אופהערן עפּעס צו טאָן). מע ע נ ד י ק ט אַ זאַך, ווען מע קומט צו אַ סאָף, ווען די זאַך איז פאַרטיק; מע „ה ע ר ט א ו ף" אינמיטן, וויַל עס איז, לעמאָשל, ניט קעדייַ אָדער אומנוצלעך פאָרצוזעצן; מע וו א ר פ ט (אָן אַרבעט), וויַלע מע קען עס ניט ע נ ד י ק ן, צי צוליב אַנדערע סיבעס, עס קען אָבער געמאָלט זייַן מע זאָל זיך צו איר אומקערן אַ צווייטן מאָל; אַ. אַז. וו.

מע דאַרף זאָגן, אַז די אַלע אויסגערעכנטע סימאָנים, צי זיי הייסן „עטימאָלאָגישע", „גראַמאַטישע", צי „לאָגישע", קענעןווירקלעך מיטהעלפן אַ היפּש ביסל באַם אופדעקן דעם באַטייַט פון אַ וואָרט, זייַנע ניואַנסן, וואָרעם מע קען ניט לייקענען, אַז די גראַמאַטישע „נאַטור", אַזוי צו זאָגן, פון אַ וואָרט ווי זי ווייַזט זיך אַרויס אין די פאַרשיידענע אויסבילדונגען פון אים, דאָסגלייַכן דער ערשטער באַטייַט פונעם וואָרט ווירקן אַף זייַן לאָגישער אַנטוויקלונג, לאָזן זיך אָפּט דערקענען אין דעם שפּעטערדיקן אומגענגלעכן באַטייַט זייַנעם. דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, די אינעוויייניקסטע „זעלבסטבאַוועגונג" פונעם וואָרט. און אונדזער אַוטאָר ווענדט דאָ אָן אַ פייַנעם אייַנפאַל: אַרויסגייענדיק פון דער פאַראַנענער אויסגעבילדעטער וואָרט-פאָרמע, אָדער פון די פאָרמעס, וואָס לאָזן זיך פונעם געגעבענעם וואָרט אויסבילדן, וויל ער אורטיילן, אַף צוריק, וועגן געוויסע מאָמענטן אינעם באַטייַט פון וואָרט, וואָס האָבן געווירקט אָדער ווירקן אַף דער מעגלעכקייַט די באַטרעפנדיקע פאָרמע אויסצובילדן. און אין אַ געוויסער מאָס קענען אַמאָל אָט די אויסערלעכע סימאָנים ווירקלעך זייַן אַ הילףמיטל און וואַרפן אַ געוויסע שייַן אַפן אינהאַלט גופא פונעם וואָרט. אָבער טאַקע דערפאַר, וואָס מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ ריין אויסערלעכן פאָרמאַליסטישן מיטל, קען מען זיך אַף אים ניט צופיל פאַרלאָזן, און שוין געוויס ניט שטעלן אים אין צ ע נ ט ע ר פון דער אופמערקזאַמקייַט, וואָרעם גאַנץ אָפּט קען עס פאַרפירן. די זאַך איז, וואָס די אַלע סימאָנים ווערן דאָ גענומען אַבסטראַקט-מעטאַפיזיש, פאָרמעל-לאָגיש, אָפּגעריסן פון דער נאַטירלעכער סאָציאַלער סוויווע, אין וואָסערער דאָס וואָרט לעבט און אַנטוויקלט זיך, אָפּגעריסן פון די סאָציאַלע געשיכטלעכע סיבעס, וואָס ווירקן אַף דער ענדערונג אינעם באַטייַט פון וואָרט, אָפּגעריסן פון דער סאָציאַלער פונקציע, וואָס דעם וואָרט קומט אויס צו אויספילן באַ די אָדער אַנדערע באַדינגונגען. און גראָד אָט די

סאָציאַלעווירקלעכקייט מאַכט אָפּט צו נישט די גאַנצע לאָגיש אייַנגעשטעלטע
סכעמע.

מיר קענען זיך דאָ גענוי ניט אָפּשטעלן אַף דער דאָזיקער זייער וויכטיקער
פּראָבלעם. דאָס פּאָדערט א ריי ספּעציעלע אָפּהאַנדלונגען. מיר ווילן זיך דאָ
באַנוגענען נאָר מיט אייניקע אָנמערקונגען, קעדיי קלאָרער צו מאַכן דעם
געדאַנק. מיר האָבן געזען, אַז אַפילע פיגוראַל וואָרנט קעגן ביזאָס באַהויפּ-
טונג, אַז אַן אַפיקס טראָגט אַרייַן אין דעם וואָרט שטענדיק די זעלביקע ענדע-
רונג פונעם באַטייַט, וואָרעם די שפּראַך, זאָגט ער, האָט דאָ אירע „קאַפּריזן".
פאַרשטייט זיך, אַז ניט וועגן „קאַפּריזן" האַנדלט זיך דאָ. שפּראַך-אַנטוויק-
לונג איז שייַעך אויך צום באַטייַט אַפילע פון די אַזוי גערופענע פּאָרמעלע
וואָרט-טיילן, די אַפיקסן. דער באַטייַט פון אַן אַפיקס און זייַן פונקציע איז ניט
קיין באַשטענדיקע, איינמאָל פאַר אַלעמאָל אייַנגעשטעלטע זאַך. מיר טרעפן,
לעמאָשל, אינעם פּראָצעס פון דער שפּראַך-אַנטוויקלונג, ווי עס קומען אויף נייַע
אויסבילדונגען, ווו געוויסע אַפיקסן הייבן זיך אָן קאָמבינירן מיט אַזעלכע וואָרצל-
פּאָרמעס, מיט וואָסערע זיי פלעגן זיך פריער, געוויינטלעך, ניט פאַרייניקן. דאָס
גופע מוז קומען ווי א רעזולטאַט פון געוויסע סעמאַנטישע איבערוקונגען אין
דער וואָרצל-פּאָרמע, צי אין דעם אַפיקס, אָדער אין זייביידן. עס ווערט
אָבער דערבייַ אויך געשאַפן א נייַע סעמאַנטישע קאָמבינאַציע פונעם גאַנצן
קאָמפּלעקס, וואָס עס פאַרורזאַכט ווידער א סעמאַנטישע ענדערונג פונעם באַט-
רעפנדיקן אַפיקס און זייַן גראַמאַטישער פונקציע. די דאָזיקע גאַנץ קאָמפּליצירטע
פּראָצעסן לאָזן זיך דערהויפּט באַמערקן אין א גרויסער צאָל אין רעוואָליוציאָ-
נערע עפּאָכעס, זיי בילדן עפּשער איינעם פון די כאַראַקטעריסטישסטע עלעמענטן
אין דער שפּראַך פון אונדזער סאָוועטישער עפּאָכע. די דאָזיקע פּראָצעסן זייַנען
בא אונדז דערווייַלע נאָך גאָר ניט געפאָרשט געוואָרן. איינס אָבער דאַרף, לויט
אונדזער מיינונג, זייַן קלאָר: די דאָזיקע אַלע סעמאַנטישע איבערוקונגען אינעם
וואָרט און עלעמענטן פון וואָרט, זייַנען אָפּהענגיק פון געוויסע איבערוקונגען
אין אונדזער באַוווסטזייַן, אין אונדזער דענקען, אין אונדזער גאַנצן אידעאָלאָ-
גישן באַנעם, און אויספאָרשן זיי וועלן מיר אַנדערש ניט קענען, ווו מיר וועלן
זיך ניט ווענדן צו די קאָנקרעטע סאָציאַל-היסטאָרישע באַדינגונגען, אין
וואָסערע די אַלע פּראָצעסן קומען פאָר און דורך וואָסערע זיי ווערן אין טאָך
פאַרורזאַכט. בלייַבן מיר אָבער אויסשליסלעך אין די גרענעצן פונעם וואָרט
אַליין, גענומען פאַר זיך, אין זייַן, אַזוי צו זאָגן, אימאַנענט-לאָגישער אַנטוויק-
לונג, וועלן מיר זיך מוזן אָנשטויסן אַף שפּראַך-„קאַפּריזן", אומדערקלערלעכע
דערשייַנונגען, וואָס פאַלן אַרויס פון די אייַנגעשטעלטע לאָגישע סכעמעס.

זייער כאַראַקטעריסטיש איז, לויט אונדזער מיינונג, דער מעטאָד, וואָס פיגוראַל
ווענדט אָן באַם דערקלערן ווערבן. אין טאָך גענומען, ניט געקוקט אַף דער הי-
פּערגראַמאַטישער, פּאָרמעל-לאָגישער פּאָרמע, אין וואָסערער דאָס ווערט אויסגע-
דריקט, ווערט דאָך דאָ דורכגעפירט דער געדאַנק, אַז דעם באַטייַט פון וואָרט זאָל
מען זוכן ניט נאָר אין דעם וואָרט גופע, נאָר דורך די זאַכן, מיט וואָסערע דער
באַגריף פון וואָרט קומט אין באַריר—מיטן אָביעקט, מיטן סוביעקט; און ווען מע
זעט נאָך ווי אַזוי אָט די פּרינציפּן ווערן פּאַקטיש דורכגעפירט אינעם ווערטער-
בוך גופע, קען מען לייַכט באַמערקן, אַז ניט נאָר אין סוביעקט און דירעקטן

אָביעקט האנדלט זיך, מע נעמט אויך אין באטראכט דעם ציל, דעם רעזולטאט פון א טוּונג, די סיבעס, די באוועגנדיקע מאָטיוון א. אז. וו.

דער לאָגיש-פאָרמאליסטישער צוגאנג שטערט אָבער אויך דאָ. ערשטנס, ווערט אזא מעטאָד אָנגעווענדט אויסשליסלעך בא ווערבן. פארוואָס? פאָרמעל גענומען, איז עס פארשטענדלעך: ווען סוביעקט־אָביעקט איז שײַעך צו ריידן נאָר בא דער גראמאטישער קאטעגאָריע ווערבן. האגאם מיר האָבן שוין געזען, אז די קאטעגאָריעס אקטיוו־פאסיוו זוכט פיגאראָל יאָ בא געוויסע גרופּעס סובסטאנטיוון. נעמען מיר אָבער דעם מעטאָד אביסל ברייטער, ד. ה.—באטראכטן דעם וואָרט אין פארבינדונג מיט די זאכן, מיט וואָסערע דער באגריף קומט אין באריר, דאן, פארשטייט זיך, ווערט שוין די אָנווענדונג פונעם דאָזיקן מעטאָד פיל ברייטער. און דאָך איז עס נאָך אלץ ניט גענוג: די אלע אויסער־לעכע (אויסערלעך צום באטרעפנדיקן וואָרט) זאכן, וואָס ווערן באטראכט אין פארבינדונג מיטן וואָרט, ווערן גענומען ווידער טאקע ווי אבסטראקטע קאטע־גאָריעס, סטאם פּסיכאָלאָגישע צושטאנדן און ד. גל., ניט אין קאָנקרעטע סאָציאַל-היסטאָרישע באדינגונגען. דעריבער איז דאָ אומעגלעך צו קומען צו א וואָסערער ניט איז געזעצמעסיקײַט אין דער אנטוויקלונג פונעם וואָרט־באטײַט, עס ווערט אָפּט פארזען די ווירקלעכע אורזאך פון דער באטרעפיקער סעמאנטי־טישער ענדערונג און, וואָס עס איז ביז גאָר וויכטיק, מיר קריגן ניט קיין פארלאָזלעכן קריטערי צו אָפּשאצן די דערשײַנונג.

אינטערעסאנט איז, אז באם ארומריידן און איליוסטרירן ווי אזוי דער אופּ־געדעקטער וואָרט-אינהאלט ווערט אויסגענוצט אין קאָנקרעטן ריידן, געפינען מיר אין גיזאָס ווערטערבוך, ווי מיר האָבן עס שוין פריִער באמערקט, דאפקע יאָ מאטעריאַלן, גענומען פון א קאָנקרעטער סאָציאַלער סוויווע און באלויכטן מיט א באשטימטער סאָציאַלער פילאָזאָפיע. דערהויפּט איז עס צו באמערקן אין די טיילן, וואָס גיזאָ האָט אליין געשריבן. ניט אזוי איז עס בא פיגאראָל,— סע שמעקט דאָך עפּעס מיט „פילאָזאָפיע“!... איין בײַשפּיל וועט דאָ קלעקן. מיר נעמען אן אויסצוג פונעם ארטיקל Agrandir (פארגרעסערן, פארשפּרייטן, פארברייטערן, דערהייבן), Augmenter (פארמערן, פארשטארקן, העכערן), Accroître (אויסוואקסן, פארמערן, פארגרעסערן, פארשפּרייטן). פריִער ווערט געגעבן אן אלגעמיינע דערקלערונג און אויסטײַטשונג פון די געבראכטע ווערטער, נאָכדעם קומט אזא מין „שמועס“:

„די קעניגן דערהייבן זיך דורך אויסברייטערן די גרענעצן פון זייערע מעלוכעס און זיי גלייבן דערמיט צו פארשטארקן זייער מעכטיקײַט; אָבער שטענדיק נארן זיי זיך אָפּ, וואָרעם די דאָזיקע פארגרעסערונג ברענגט נאָר צו פארמערן זייערע דײַגעס, און צײַטנווײַז איז עס אפילע די ערשטע סיבע פונעם אונטערגאנג פון א מאָנארכיע.

„עס איז ניטאָ קיין מער אומבאקוועמער שאָכן ווי אזא איינער, וואָס טראכט נאָר ווי אזוי צו פארברייטערן זיך. א קעניג, וואָס פארנעמט זיך מער מיט פארשטארקן זײַן מאכט, איידער מיט גוט אויסניצן די מאכט, וואָס די גע־זעצן האָבן אים געגעבן, איז א הערשער אן אומדערטרעגלעכער פאר זײַנע אונטערטאנען.

„אלע זאכן אף דער וועלט ווערן געשאפן איינס אפן כעזשבן פונעם אנ־דערן: דער רײַכער פארגרעסערט זײַן באזיץ נאָר דורך פארקירצן דעם

באזיק פונעם אָרעמען; די מאכט ווערט פארשטארקט אלעמאָל נאָר דורך פארמינערן די פרייהייט; און איך גלויב אפילע, אז די נאטור האָט באשאפן קלוגע מענטשן נאָר אפן כעזשבן פון די נארן" און אז. וו.

ניט געקוקט אף דער גאנץ אלגעמיינער פאָרמע פון די אלע סענטענצן, שפארט דאָ ארויס גאנץ דייטלעך א גאָר קאָנקרעטע לעבנס־פילאָזאָפיע. מע דארף דערביי אויך ניט פארגעסן, אז די ערשטע אופלאגע פון גיזאָס ווערטערבוך איז ארויס אין פראנקרייך אינעם יאָר 1809.

* * *

דער אזוי צו זאָגן „אימאנענט־לאָגישער" פרינציפ פארנעמט גאָר אן אָנגעזעענעם אָרט אין די אויסטייטשונג־מעטאָדן פון פארשיידענע ווערטערביכער.

„וואָס זיינען סאָפּקאָלסאָף, די באדינגונגען פון א פולשטענדיקער דעפיניציע"?—פרעגט לארוס, און ער ענטפערט: „די דעפיניציע דארף באשטימען דעם טערמין, וואָס זי דערקלערט, אף אזא אופן, אז מע זאָל אים ניט קענען צונויפמישן מיט אן אנדער טערמין א קרויוויישן". ער פארופט זיך דערביי אף מארמאָנטעלן, וואָס האָט געגעבן אזא פאָרמולירונג: „צוויי ווערטער פון איין שפראך קענען ניט אויסדריקן אין אלע פאלן דעם זעלביקן באגריף און בא יעדער געלעגנהייט אלציינס פארבייטן איינע די אנדערע, ד. ה. מע קען זאָגן, אז עס איז ניטאָ קיין ווערטער, וואָס זאָלן זיין פולשטענדיק און שטענדיק סינאָנימיש".

מיר האָבן שוין געזען ניט איין מאָל, אז ווי עס שטעלט זיך די פראגע וועגן די באדינגונגען פון א פולער דעפיניציע, רוקט מען אונטער אָנשטאָט דעם די פראָבלעם פון סינאָנימיע. אזוי איז עס געווען מיטן פראנצייזישן אקאדעמישן ווערטערבוך, וואָס זאָגט זיך אָפּ צו דעפינירן אזוי גערופענע „פונדאמענטאלע" באגריפן און זעט צו קאָמפּענסירן עס, אזוי צו זאָגן, דערמיט, וואָס ער אנאליזירט בא אסאך ווערטער די פארשיידענע ניואנסן זייערע. ער האלט דערביי, אז „עס איז ניטאָ אין א שפראך קיין צוויי אויסדרוקן, וואָס זאָלן האָבן פונקט דעם זעלביקן באטייט און וואָס מע זאָל זיי קענען פולשטענדיק פארבייטן איינס מיטן אַנדערן". דאָס זעלביקע אויך פיגאראָל, ווען עס ווערט אים ענג צווישן זיין שטרעבונג אויסצומיידן יעדער „פילאָזאָפיע", פון איין זייט, און דער דרינגלעכער נויטווענדיקייט אָנצוקומען פאָרט צו „פילאָזאָפיע" באם אופקלערן די באגריפן, פון דער צווייטער. קעדיי ארויסצוראטעווען זיך פון אזא קלעם, ניצט ער אויס די געלעגנהייט, וואָס ער האָט צו טאָן גראָד מיט א ווערטערבוך פון סינאָנימען, און שטעלט זיך א באגרענעצטן ציל—ניט גיין ווייטער פון אזא דעפיניציע, וואָס וועט בלויז „ניט דערלאָזן צונויפצומישן איין וואָרט מיט אן אנדערן א קרויוויישן און וועט זיין גענוג פארן לעזער, וואָס וויל וויסן זייער אונטערשייד". איצט טרעפן מיר פונקט דעם זעלביקן מאנעווער אויך בא לארוסן: די דעפיניציע פון א וואָרט דארף שטרעבן דערצו, מע זאָל עס ניט קענען צונויפמישן מיט אן אנדערן א קרויוויישן. איז וועגן אזא אופפאסן סינאָנימיע ביקלאל וועלן מיר ריידן אביסל שפעטער, אָבער צי איז עס איבערהויפּט אן ענטפער אָף דער געשטעלטער פראגע? די פאָרמולירונג, וואָס לארוס גיט דאָ, איז דאָך א ריין נעגאטיווע, זי רעקאָמענדירט צו דערקלערן דאָס, וואָס עס שיידט אָפּ איין וואָרט פונעם צווייטן א קרויוויישן. און אויב דאָס איז

דערגרייכט, איז שוין די „דעפיניציע א פולשטענדיקע״? און ווי באקומט מען דעם באטײַט גופא פונעם וואָרט, זײַן אנטוויקלונג און אָנווענדונג? אף דערוף קען מען קריגן בא לארוסן אין זײַן אָפּהאנדלונג אן אומדירעקטן ענטפער: ער בארימט זיך, אז אין זײַן ווערב איז די אויסטײַטשונג פונעם וואָרט אויסגעשטעלט אזוי, ווי אין קיין אנדערע ווערטערביכער געפינט מען עס ניט, די באטײַטן „גייען אין א סיידער א לאָגישן, א קלאָרן, א מעטאָדישן, וואָס אלע ווערטער־ביכער האָבן ביז איצט גרינגשעציק פארנאכלעסיקט: אייגנטלעכער באטײַט, פארברייטערטער באטײַט, באטײַט לויט אנאלאָגיע אָדער פארגלײַך, פיגורעלער באטײַט, דאָס אלץ ווערט קלאָר באשטימט דורך בײַשפּילן, וואָס מאכן שטרענג ארויסטרעטן די ניואנסן און איידעלע אונטערשיידן פון די פארשיידענע באַטײַטן״. דאָס הייסט, די פילבאטײַטיקײַט פון דעם וואָרט ווערט אויסגעשטעלט, אָדער קלאסיפיצירט לויט סימאָנים אבסטראקט־לאָגישע (פארברייטערטער באַטײַט, אנאלאָגיע), פאָרמעל סטיליסטישע (פיגורעלער באטײַט) א. ד. גל. אָט דאָס צעלייגן די פארשיידענע באטײַטן פונעם וואָרט און זײַנע ניואנסן לויט די דאָזיקע לאָגישע און סטיליסטישע קעסטעלעך, יעדער מאָל דערקלערט מיט א גרויסער צאָל איליוסטראציעס פון ליטעראטור, דארף שוין ב ע מ יי ל ע באַווײַזן די פילזײַטיקײַט און פילבאטײַטיקײַט פון דעם וואָרט. ניט אומזיסט איז לארוס אזוי שטארק מאקפּיד אף דער קלאסיפיקאציע. ער ווארפט אפילע אוף ליטרען, וואָס בא אים איז אָט די לאָגישע קלאסיפיקאציע ניט שטרענג אויס־געהאלטן, „די באגריפן זײַנען קימאט שטענדיק צעמישט; אין יעדער שורע איז דער אייגנטלעכער באטײַט פארבלאָנדזשעט צווישן די פיגורעלע, און פארקערט. א וואָרט, וואָס גיט אכט און אפילע צען באגריפן, וואָס ווערן אויסגעדריקט דורך פארהעלטענישן פון אנאלאָגיע, פארברייטערונג, פארגלײַך, ווערט אײַנגעשלאָסן סאכאקל אין צוויי־דרײַ גרופּעס״. לארוס טוט ניט אזוי. מיט דער גרעסטער סקרופּולעזקײַט צעטיילט ער די באגריפן לויט פארשיידענע קלאסן, קלערט אוף יעדערן פון זיי מיט אָן א שיר בײַשפּילן, ווײַזט דערבײַ ארויס א גרויסע פײַנ־קײַט אין אונטערשיידן די איידלסטע ניואנסן, און דער סאָף איז... דער סאָף איז, אז גאנץ אָפט, נאָך אלע מאמעש האָר־שפּאלטנדיקע דערקלערונגען, בלײַבט דער לייענער ערשט צעטומלט, און קען בעשום אויפן ניט פארשטיין, פארוואָס איז איין גרופּע באטײַטן פארעכנט אין דעם קלאס „לויט אנאלאָגיע״, די אנ־דערע—„לויט פארברייטערונג״ און די דריטע—אין דעם קלאס „פיגורעלע״, בייס מע קען מיט דעם זעלביקן רעכט און מיט דעם זעלביקן דערפאָלג איבערטאַשן די גאנצע אײַנגרופּירונג. דאָס זעלביקע טרעפט זייער אָפט אויך מיט די דערקלע־רונגען פון די סינאָנימען (אגעוו ניט נאָר בא לארוסן), אז נאָך אלע לאָגישע און פּסיכאָלאָגישע דערקלערונגען ווײַזט זיך ארויס, אז מע קען פולשטענדיק איבערטוישן די סינאָנימען פארהיטנדיק יעדער מאָל די געגעבענע לאָגישע צי פּסיכאָלאָגישע דעפיניציעס. אפּאָנעם, אז די ווירקלעכע, די לעבעדיקע פונקציאָנירונג פון דער שפּראך לאָזט זיך ניט אינגאנצן ארײַנפּאקן אין פאָרמעל־לאָגישע קעסטעלעך.

אויך ל י ט ר ע[1] שטעלט די פראגע וועגן קלאסיפיצירן די באטײַטן פון וואָרט. דערבײַ פּרוווט ער דערקלערן די נייטיקײַט פון אזא קלאסיפיקאציע מיט

---

[1] Dictionnaire de la langue Française par E. Littré. 1873. Préface.

דעם, וואָס א לאָגיש־ריכטיקע אויסשטעלונג פון די באַטײַטן ווײַזט דעם געשיכט־
לעכן וועג, וואָס דאָס וואָרט האָט דורכגעמאַכט ביז עס איז געקומען צום איצ־
טיקן באַטײַט. אָט ווי ער שטעלט די פראַגע: פאַרן לעקסיקאָגראַף, זאָגט ער,
איז גאָר ניט אַלצײַנס אין וואָס פאַר א סײַדער די פאַרשיידענע באַטײַטן פונעם
וואָרט ווערן אויסגעשטעלט. ער האַלט, אַז דאָס אויפקומען פון פאַרשיידענע
באַטײַטן פון א וואָרט, אָפט גאַנץ דערווײַטערטע צווישנאַנאַנד, איז ניט צופעליק,
נאָר א נאַטירלעכער פּראָצעס, וואָס פאַלט אונטער אונטער רעגולערע באַדינגונ־
גען. אָט די באַדינגונגען זײַנען עס, אייגנטלעך, די אימאַנענט־לאָגישע אַנטוויק־
לונג פון דעם ערשטן, פּרימיטיוון באַטײַט אין דעם וואָרט גופא. די נײַע באַטײַטן,
וואָס קומען אויף, זײַנען דעריוואַטן, שטאַמען אָפּ אומבאַדינגט פון די פריערדיקע,
און „אַנטוויקלענדיק אַמאָל דעם אייגנטלעכן באַטײַט, אַמאָל דעם מעטאַפאָרישן,
האָבן זיי ניט אין זיך קיין שום ווילקירלעכקײַט און אומאָרדענונג". „א קלאַל
איז דאָ אַלעמאָל באַם אויסגאַנג־פּונקט און אויך בא דער אויסבילדונג, און אָט
דעם קלאַל איז עס וויכטיק אויפצודעקן". ער באַשולדיקט דעם אַקאַדעמישן
וו"ב אין עמפּיריזם, דערפאַר וואָס בא אים זײַנען די באַטײַטן אויסגעשטעלט
אָן קיין שום באַגרינדעטער אָרדענונג, אַף דעם ערשטן אָרט שטייט אַלעמאָל
דער באַטײַט, וואָס איז אַמערסטן אין אומגאַנג. לויט די בײַשפּילן, וואָס ער
ברענגט וואָלט מען אין ייִדיש געקענט עס אילוסטרירן מיט אַזאַ וואָרט ווי
„ב א ג י י ן", פאַרטײַטשט „ט אָ ן" (א פאַרברעך). די טײַנע וועט זײַן, ווי אַזוי קען
מען עס גלײַך זאָגן, אַז „באַגיין" הייסט „טאָן", ווען דאָס וואָרט „באַגיין" באַ־
שטייט דאָך זיכער פון „גיין" און „בא", אַזוי אַז קומען צום באַטײַט „טאָן"
קען עס דאָך נאָר דורכמאַכנדיק פריִער א גאַנצן קרײַז. צי אַזאַ וואָרט ווי
„ד ע ר ש ל אָ ג ן זיך", פאַרטײַטשט „ד ע ר ג ר י י כ ן", בײַס „דערשלאָגן זיך"
אַנטהאַלט דאָך אין זיך „שלאָגן", און דעם באַטײַט „דערגרייכן" האָט עס באַ־
קומען ניט אַנדערש ווי אַרויסגייענדיק פון דעם אייגנטלעכן און פיזישן באַטײַט
עמעס, זאָגט ער ווײַטער, פאַר א וו"ב, וואָס גיט ניט קיין עטימאָלאָגיע און
ניט קיין געשיכטע פון וואָרט, איז אָט דער עמפּירישער וועג עפּשער דער
בעסטער. ווען עס איז ניטאָ די נייטיקע דאָקומענטן צו דערגיין דעם ערשטן
באַטײַט און זײַן ווײַטערע אַנטוויקלונג, מײַדט מען אויס בא אַזאַ מעטאָד אַרײַנ־
צופאַלן אין א טאָעס און צעפלאָנטערן די אייגנטלעכע און דעריוואַטיווע באַטײַטן;
דער לעזער, פון זײַן זײַט, ווען ער קריגט אַפן ערשטן אָרט דעם באַטײַט,
וואָס איז דער גאַנגבאַרסטער, געפינט עס פאַר גאַנץ נאַטירלעך און איז צופרידן.
אָבער די דאָזיקע מײַלעס קאָסטן צו טײַער. „פאַקטיש איז דער גאַנגבאַרסטער
באַטײַט, דער ערשטער וואָס קומט אַפן זינען, ווען מע רעדט אַרויס דאָס וואָרט,
און דער ערשטער אויך וואָס די אַקאַדעמיע פאַרשרײַבט, איז אָט דער באַטײַט,
טאַקע דערפאַר ווײַל ער איז דער געוויינטלעכער און גאַנגבאַרער אין דער
מאָדערנער שפּראַך, שטענדיק דער סאַמע דערווײַטערטער פון דעם עמעס
ערשטן באַגריף; דער רעזולטאַט איז, אַז ווען אָט דער באַטײַט ווערט געשטעלט
אין אָנהייב, בלײַבט שוין דאַן קיין מיטל ניט אַרויסצופירן און אויסשטעלן די
ווײַטער פאָלגנדיקע באַטײַטן. דעם ערשטן אָרט האָט פאַרנומען א באַטײַט,
וואָס איז, אָן ספק, ניט קיין צופעליקער, אָבער וואָס איז צופעליק געשטעלט
אין דער שפּיץ; א מאָטיוו א פרעמדער פאַר דער לעקסיקאָגראַפיע, ד. ה. א מאָ־
טיוו, וואָס גייט אַרויס איינציק און אַליין פון א מאַטעריעלן פאַקט, די גרע־

סערע אָדער קלענערע אַספּעקטן פון דעם אָדער יענעם באַטײַט צווישן אַלע אַנדערע רעאַלע באַטײַטן, האָט באַשטימט דעם סײדער; די איבעריקע באַטײַטן קומען ווי סע מאַכט זיך און אין א סײדער, וואָס איז אומבאַדינגט פעלערהאַפ־טיק איבער דער בכוירע אָן א געזעצלעכן רעכט. לאָמיר אויך ניט פאַרגעסן, אַז עס איז ניטאָ אַזא פּערמאַנענטער כאַראַקטער פאַר א באַטײַט צו זײַן דער מער געווײנטלעכער, עס זײַנען אָפט דאָ בײַשפּילן פון איבערוקונגען. אויס־שטעלן אין אַן אָרדענונג, וואָס האָט ניט הינטער זיך ניט קיין לאָגיק, ניט קיין באַשטענדיקײַט, הייסט ניט קלאַסיפיצירן". אַנדערש איז אָבער, ווען מע גיט די געשיכטע פון וואָרט און מע זוכט אויס זײַן עטימאָלאָגיע. די עטימאָלאָגיע גיט דעם אָריגינעלן באַטײַט פונעם וואָרט אין דער שפּראַך, פון וואַנען עס קומט, די געשיכטע באַווײַזט, ווי אַזוי דאָס וואָרט האָט זיך פון אָנהייב אָן פאַרשפּרייט, און דערגאַנצט די צווישנדיקע באַטײַטן, וואָס זײַנען פאַרשוווּנדן — א זאַך, וואָס איז אַלעמאָל זייער וויכטיק. האָבנדיק אָט די אַלע דאָקומענטן, ווערט שוין מעגלעך, אַפילו אומפאַרמײַדלעך, א געוויסע, ניט קיין צופעליקע, ראַציאָ־נעלע אײַנאָרדענונג, פון וואַנען מע קען פאַרשטיין, דורך וואָסערע שטאַפּלען דער געדאַנק איז איבערגעגאַנגען פון איין באַטײַט צום אַנדערן.

דער געדאַנקענגאַנג איז דאָ, הייסט עס, אַזא: די אַנטוויקלונג פונעם וואָרט־באַטײַט פאַלט אונטער אונטער א שטרענג, דעטערמינירטער געזעצמעסיקײַט, דאָס איז די אימאַנענט־לאָגישע אַנטוויקלונג זײַנע. ווען מע זאָל אויסשטעלן אין א לאָגיש אויסגעהאַלטענער ריי אַלע באַטײַטן פונעם וואָרט, וועט זיך בעד־מיילע שוין באַקומען דער היסטאָרישער וועג, וואָס דאָס וואָרט האָט דורכגע־מאַכט. די לאָגיש־אײַנגעשטעלטע סכעמע זאָל, הייסט עס, צונויפאַלן מיט דער פאַקטישער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. ניט אַלע מאָל איז אָבער גרינג אײַנצו־שטעלן די לאָגישע ריי, וואָרעם געוויסע באַטײַטן קענען אַרויספאַלן, פאַרגעסן ווערן, דאַרף קומען צו הילף דער היסטאָרישער מאָמענט.

פון די עטלעכע פאַשעטע בײַשפּילן, וואָס ליטרע ברענגט צו אילוסטרירן דעם מעטאָד, זעט מען, איין, אין וואָס דער היסטאָרישער מאָמענט באַשטייט און וואָס פאַר א נוצן ער ברענגט. דער היסטאָרישער מאָמענט באַשטייט ניט מער ווי אין דאָקומענטירן, אַז עס האָט עקסיסטירט א געוויסער באַ־טײַט פון וואָרט, וואָס איז שוין אינגאַנצן אָדער קימאַט אינגאַנצן פאַרגעסן גע־וואָרן. דער דאָזיקער פאַרגעסענער באַטײַט, אַרײַנגעשטעלט ווי א צווישנרינג, פאַרבינדט די קייט, דעם לאָגישן איבערגאַנג פון איין באַטײַט צו א צווייטן א גאַנץ דערווײַטערטן.

אָבער קיין איבערצײַגונג, אַז דער פּראָצעס איז טאַקע פאָרגעקומען פונקט אַזוי, איז דאָ ניטאָ, וואָרעם די קייט ווערט פאַרבונדן דורך א ריין לאָגישער ספּעקוליאַציע, וואָס אַמאָל לאָזט זי זיך גאַנץ גרינג אויסצודרינגען, אָבער אָפט קומט אויס צו מאַכן דערבײַ א „זייער דרייסטע מעטאַפאָרע", לויט ליטרעס אייגענעם אויסדרוק. אַזוי אַז אייגנטלעך איז נאָך א סאָפעק צי די באַטײַטן פונעם וואָרט דרינגען אַרויס פון די געבראַכטע היסטאָרישע פאַקטן, צי די היסטאָרישע פאַקטן (ריכטיקער — דאָקומענטן) ווערן צוגעפּאַסט צו די פאַראַנענע באַטײַטן. שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס די פאָרמעל־לאָגישע ריי גופא איז מערסטנס א ריין סוביעקטיווע און די אויסגעהאַלטנקײַט אירע איז זייער סאָ־פעקדיק. געגוג צו דערמאָנען כאָטש די פריער געבראַכטע טײַנעס פון לארוסן

צו ליטרע וועגן דער שטרענגקייט פון דער קלאסיפיקאציע. מיסטאמע וואלט
ליטרע געקענט האבן פונקט אזעלכע טייַנעס אויך צו לארוסן.

ווי מיר האבן געזען, איז בא ליטרע דער היסטארישער מאמענט באם דער־
קלערן דאס ווארט א מיטל צו אונטערשטיצן די לאגישע אנטוויקלונג פונעם
באטייַט. די געשיכטלעכע דאקומענטן, וואס ווערן געבראכט, דארפן באשטע-
טיקן אט דעם דאזיקן „נאטירלעכן" פראצעס. אנדערש שטעלט די פראגע
ט ר ע נ ט ש. מיר האבן שוין פריִער דערמאנט, אז ער האט ארויסגערוקט אין
פאדערגרונט דעם ה י ס ט א ר י ש ן מאמענט. ער באשטייט אף דעם פרינציפ,
אז א ווערטערבוך דארף זייַן דעריקער א ה י ס ט א ר י ש ע ר אינוועטאר פון ווער-
טער און זייער באנוץ. ער איז קעגן דעם טיפ ווערטערביכער, ווו „דער גע-
ווינטלעכער אדער „אייגנטלעכער" באטייַט פון ווארט איז דער אויסגאנג-פונקט
באם דערקלערן עס און די איבעריקע באטייַטן ווערן אויסגעשטעלט אין א לא־
גישן אדער צופעליקן סיידער, איגנארירנדיק דערבייַ די היסטארישע ארדענונג,
לויט וואסערער די פארשיידענע באטייַטן זייַנען אופגעקומען. „דאס איז ניט
וויסנשאפטלעך. דער פילאלאג „וויל וויסן ווען און ווו יעדער ווארט און יע-
דער פארמע און יעדער באטייַט זייַנער טרעפט זיך צום ערשטן מאל אין דער
שפראך; אויב דאס ווארט איז ארויס פון באנוץ, טא ווען איז עס געשטארבן".
פאר אים איז דאס וויכטיקסטע — פעסטצושטעלן אט די דאטעס און לויט זיי
אויסשטעלן די אויסטייַטשונג, אזוי אז דער באטייַט, וואס איז כראנאלאגיש
פריִער אופגעקומען, זאל פריִער שטיין [1]. די ציטאטעס פון ליטעראטור, וואס
ווערן געבראכט, שפילן שוין אויך אן אנדער ראלע. זייער אופגאבע איז ניט
צו זייַן אן איליוסטראציע אף העלפן דערקלערן דאס ווארט, ניט צו אונטער־
שטיצן דעם „ריכטיקן" באנוץ פונעם ווארט מיטן אווטאריטעט פון דעם שרייַ־
בער, פון וואנען די ציטאטעס זייַנען גענומען, אויך ניט צו זייַן א היסטארי-
שער איידעס צו באשטעטיקן די „לאגישקייַט" אין דער אנטוויקלונג פונעם בא־
טייַט, נאר צו דינען ווי א דאקומענט, א היסטארישער באווייַז, אז דא און דא,
אין דער און דער צייַט טרעפט זיך צום ערשטן מאל אזא און אזא ווארט אין
דער אדער יענער פארמע מיט דעם אדער יענעם באטייַט. עס איז כאראקטעריס-
טיש די באהויפטונג, אז דעם פילאלאג אינטערעסירט דעריקער — ווו און ווען א
ווארט צי א באטייַט פון ווארט איז אופגעקומען, אזוי צו זאגן, דער פאספארט
פונעם ווארט, די גאנצע מי לייגט מען אוועק אף אופצושטעלן די „פרימעטעס"
פון אט דעם פאספארט. עס איז אבער ניט קענטיק, אז דעם פילאלאג זאל
אינטערעסירן נאך איין פראגע: ו ו י א ז ו י איז אופגעקומען דאס ווארט צי
זייַן באטייַט, וואסערע סיבעס האבן דערצו גוירעם געווען? בא דער גאנצער
וויכטיקייַט פון אזא אנגעזאמלטן היסטארישן מאטעריִאל, מוז מען דאך זאגן,
אז דא האבן מיר דערווייַלע מערסטנס נאר א מאטעריִאל צום ווייַטערדיקן
פארשן. און עס איז נאך א פראגע, צי אזא מאטעריִאל, גענומען אין ריין פי־
לאלאגישע גרענעצן, וועט זייַן גענוג סייַ אף אופצושטעלן א פול בילד פון
דער אנטוויקלונג פונעם ווארט, סייַ אף אופצודעקן דעם פולן אינהאלט זייַנעם
אין דעם א י צ ט י ק ן מאמענט.

אנדערע פרווון אנווענדן דערבייַ נאך קולטור־היסטארישע מאמענטן, אזוי

---

[1]) פרגל. „ענצ. בריט." Dictionary.

טרעפן מיר שוין בא גיזא, ווי מיר האָבן עס שוין דערמאָנט, אַן אָנווײַזונג אַף דער נייטיקײַט צו וויסן די זיטן און מינהאָגים פון דער געזעלשאַפט. שטאַרק ניצט אויס דעם קולטור־היסטאָרישן מאָמענט גרים. האגאם פאַר אים איז דאָ אויך מער וויכטיק דאָס קאָנסטאַטירן גופא פון דעם קולטור־היסטאָרישן פאַקט. אָבער אויך אָט דער לעצטער מיטל, דאָס צוציִען דעם קולטור־היסטאָרישן פאַקטאָר איז נים גענוג אַף צו דערקלערן פולשטענדיק די אַנטוויקלונג פון די באַ־טײַטן. שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס זײַן הילף איז באַגרענעצט מערסטנס מיט מאַטעריעלע קעגנשטאַנדן, זאַכן, טיילווײַז מיט מינהאָגים, פעלט דאָך דאָ אײַנ־גאַנצן די סאָציִאַלע אַטמאָספער פון קלאַסנקאַמף, וואָס באַדינגט אָפּט די אַנט־שטייונג גופא פונעם באַטײַט, באַדינגט די סאָציִאַלע פונקציאָנירונג פונעם וואָרט, שאַפט שטענדיק די סאָציִאַלע באַציִונג צום וואָרט.

לאָמיר נעמען אַזאַ בײַשפּיל: מיר האָבן איצט אין יִידיש א וואָרט „ליאַמע". מיט היסטאָרישע דאָקומענטן, וועט זיך דעם פילאָלאָג אײַנגעבן פעסטצושטעלן, אַז דאָס וואָרט שטאַמט פון גאַנאָווים־לאָשן; ער וועט אויסגע־פינען א מער אָדער ווייניקער זיכערע עטימאָלאָגיע פון וואָרט; וועט אויסגע־פינען, אַז דער אייגנטלעכער באַטײַט זײַנער זאָל זײַן — „א גלעזל, א קעלע־שיקל" און אַז אין דעם באַטײַט „א סודע, א קערמעשל, אָ באַנקעט" טרעפט מען אים אין דער ליטעראַטור צום ערשטן מאָל אין אַזא און אַזא יאָר. ער וועט נאָך עפּשער צוגעבן א קולטור־היסטאָרישן מאָמענט, א באַשרײַבונג פון א „ליאַמע", אַז מע זינגט דערבײַ פאָלקסלידער, צום בײַשפּיל. עפּשער וועט ער נאָך צוגעבן, אַז די לעצטע צײַט פאַרשווינדט דאָס וואָרט פון געברויך (מיר ריידן וועגן פּסר). פרעגט זיך: איז דאָס אַלץ וואָס מיר דאַרפן וויסן פונעם ווערטערבוך וועגן דעם וואָרט „ליאַמע"? גיט עס א פול בילד פון דער גע־שיכטע פונעם וואָרט? פון זײַן סאָציִאַלער פונקציע? וועט עס זײַן גענוג צו קענען זיך אָריענטירן ווי אַזוי צו באַנוצן דאָס וואָרט? לאָמיר זיך פּרוּוון אָנ־מערקן אין קורצן, לויטן פרישן זיקאָרן, אַזוי צו זאָגן, די געשיכטע פון דעם דאָזיקן וואָרט אין אונדזער שפּראַך. אין די יאָרן אַרום 1905 ווערט דאָס וואָרט באַקאַנט צווישן די ברייטערע מאַסן אין די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס (מיר פער־זענלעך איז דאָס וואָרט באַקאַנט געוואָרן אַנערעך אין סאָף 1906). געקומען איז דאָס וואָרט צוזאַמען מיט נאָך א ריי ווערטער, וואָס שטאַמען פון גאַנאָ־ווים־לאָשן, דורך די פּאָליטישע אַרעסטירטע, וואָס פלעגן אין טורמע איבער די אָדער אַנדערע סיבעס, צוליב די אָדער יענע צילן קומען אין באַריר מיט די קרימינעלע אַרעסטירטע. צו דער צײַט פון דער רעאַקציע, בײַס עס הייבט זיך אָן דער קאַצנאַמער פון יִיעש און פאַנאַנדערפאַל אין די קלײנבירגערלעכע אָרגאַניזאַציעס, קריגט די „ליאַמע" א באַזונדערע פאַרשפּרייטונג. דאַן איז עס פּאָשעט א קערמעשל מיט מאַשקע דערבײַ. שפּעטער, מיט דער אופבליִונג פו־נעם יִידישיזם, ווערט די „ליאַמע" „פאַריידלט", זי ווערט אַן אויסדרוק פון יִידישיסטיש־קליינבירגערלעכער געמיטלעכקײַט, דאָס איז א מין אינטימער באַנ־קעט, ווו מע זינגט פּאָלקסלידער, מע פאַרווײַלט זיך. די „ליאַמע" ווערט א מין אירמיקלאָט פאַר דער בענקעניש נאָך דער יאָנטעוודיקײַט, פּאַטריאַרכאַלער רויִקײַט פון דעם אַמאָליקן „רויִקן", „שטילן" לעבן, מיט אײַנגעשטעלטע טראַ־דיציאָנעלע יאָנטויווים, מיט זייער קאַנאָן פון א „סודע", „קיבעד", „גיין צו געסט". די „ווידערגעבורט פון דער יִידישער רעליגיע", וואָס דאָקטאָר זשיט־

לאָווסקי פריידיקט, גיט זיך ניט איבעריקס איַין אין דער מעהומעדיקער קאָ־
כעניש פון סאמע וואָכעדיקייַט פון צעיושעטן קאפיטאליזם, וואָס שפּרייַזט מיט
זיגערישע שריט צו דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מילכאָמע, צום אָנהייב פון
זייַן מאפּאָלע. איז די „ליאמע" א מין „ערזאץ" פאר די געגארטע „יאָנטויווים"
און „יאָנטעוודיקייַט". עס בילדן זיך אויס „ספּעציאַליסטן" מעסאמייען צו זייַן
דעם אוילעם, וואָס קענען מיט דווייקעס זינגען א פאָלקסליד, דעקלאמירן, דער־
ציילן א פאָלקסמייַסע, אן אנעקדאָט, פאָרשטעלן עפּעס א. אז. וו., גאָר ווי שאָ־
לעמאלייכעמס פעטער ניסל... א באַזונדער שעם קריגן שפּעטער די בונדישע „ליא־
מעס", אין זייערע הענט ווערט קימאט מאָנאָפּאָליזירט, אזוי צו זאָגן, די דאָזיקע
„ספּעציאַליטעט" פון אָרגאניזירן „ליאמעס". אָט די „באנקעטן" מיט זייערע
טראדיציאָנעל געוואָרענע אטריבוטן — כסידישע ניגונים און טענץ א. ד. גל. —
זייַנען א גוטער מיטל צו פארשפּרייטן בורזשואזן נאציאָנאליזם צווישן די ייִדישע
אַרבעטער; די געמיטלעכקייַט פון דווייקעסדיקע פאָלקסלידער דינט געטרייַ דעם
„כיזעק האכעוורע", איַינצוהאלטן די אומצופרידענע אָפּגענארטע ארבעטער,
וואָס פארלאָזן מאסנווייַז די רייען פונעם קליינבירגערלעכן קאָנטער־רעוואָליו־
ציאָנערן „בונד". ווערט טאקע די „ליאמע" א מין קולט אין די בונדישע קרייַזן.
מע דארף אָבער מוידע זייַן, אז די ערשטע יאָרן פון נעפּ, איז די „ליאמע",
אריבערגעטראָגן דורך געוועזענע בונדאָווצעס, צוזאמען מיט א ריי אנדערע בונ־
דישע טראדיציעס, אין די פראָלעטארישע רייען, געוואָרן אויך דאָ א גאנץ
אָנגעלייגטע זאך.

דער קאַמף פון דער קאָמוניסטישער פארטיי קעגן די רעשטלעך פון בונ־
דיזם און נאציאָנאליזם האָט אָבער אינגאנצן אונטערגעריסן די פּאָפּולערקייַט
אויך פון דער „ליאמע", דיסקרעדיטירנדיק אלע אָטריבוטן אירע. און
באַ הייַנטיקן טאָג פארשווינדט שוין אפילע דאָס וואָרט גופע פון געברויך.
גאָר אף אַן אנדער אויפן גייען איצט דורך די פראָלעטארישע יאָנ־
טויווים, וואָס זייַנען שטענדיק אן אויסדרוק פון אָנגעשטרענגטער סאָציאַליס־
טישער ארבעט און קאמף, ווו עס קען גאָר קיין אָרט ניט זייַן פאר יענער
קליינבירגערלעכער פאטריארכאלער געמיטלעכקייַט, וואָס די „ליאמעס" האָבן
געזאָלט רעסטאווּרירן.

שוין פון אָט דער ניט פולער באשרייַבונג קען מען איַינזען ווי ניט גענוג
עס איז דער ריין פילאָלאָגישער מאטעריאַל, אפילע ווען ער איז דאָקומענטירט
מיט היסטאָריש־שפּראכלעכע דאָקומענטן, אף צו אופדעקן דעם פולן אינהאלט
פון וואָרט. עס איז קלאָר, אז די ריין פילאָלאָגישע אויספאָרשונג קען ניט
אריַינדרינגען אין דעם סאָציאַלן טאָך פונעם וואָרט, אין זייַן סאָציאַלער פונק־
ציאָנירונג. עס איז אויך ניט גענוג, ווען מע ציט צו צו דער אויספאָרשונג די
„געשיכטע פון זיטן און מינהאָגים", „קולטור־געשיכטע", ווי דאָס טוט גיזאָ, ווי
דאָס טוט גרים.

דער גאנצער קאָמפּלעקס פון דער סאָציאַל־פּאָליטישער ווירקלעכקייַט, מיט
אלע אויסבייגן און פּעריפּעטיעס פונעם קאָמפּליצירטן קלאסנקאמף, וואָס קומט
אין איר פאָר און וואָס קריגט איר אויסדרוק אינעם וואָרט און אין זייַן אָנ־
ווענדונג, מוז זייַן דער מאטעריאַל, וואָס העלפט אופצודעקן זייַן באטייַט, און
דארף אָפּגעשפּיגלט ווערן אין זייַן אויסטייַטשונג. און אויך דאן איז נאָך די
אופגאבע ניט געלייזט אינגאנצן, אויב מע באנוגנט זיך מיטן הוילן קאָנסטא־

טירן די פאַקטן. די גאַנצע אויסטײַטשונג פונעם וואָרט מוז פון אָנהייב אָן געפירט ווערן אַרויסגייענדיק פון אַ באַשטימטער וועלטאָנשויונג, פון אַ באַשטימטן פּאַרטייִש־קלאַסנדיקן קוק. אַ וו״ב דאַרף זײַן אַן אינסטרומענט פון קלאַסנקאַמף. עס איז ווייניק צו געבן דאָס וואָרט מיט אַן „אָביעקטיווער״ אויסטײַטשונג, מע דאַרף, אַז די אויסטײַטשונג זאָל באַלײַכטן דאָס וואָרט פון שטאַנדפּונקט פון פּראָלעטאַרישער אידעאָלאָגיע, קעדיי דער וו״ב זאָל זײַן אַ וועגווײַזער צו דער אָנווענדונג פונעם וואָרט אין דעם פּראָצעס פון שאַפן די ליטעראַטור־שפּראַך פונעם פּראָלעטאַריִאַט אין פּעריִאָד פון בויען סאָציִאַליזם און קאַמף אַף צוויי פראָנטן, ער זאָל דינען ניט נאָר צילן פון סטאַם אופקלערן (אַזוינס עקסיסטירט איבערהויפּט ניט — יעדער אופקלערונג האָט אַ קלאַסנדיקע צילגעווענדטקײַט), נאָר די צילן פון דער פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ע ר קולטור־ר עוואָ ל וצ י ע.

עס קען זיך אַמאָל אויסדוכטן, אַז אַזעלכע פאָדערונגען קענען האָבן אַן אָרט נאָר בײַ אַ געוויסן טייל פון דער לעקסיק, וואָס האָט צו טאָן דירעקטער מיט באַגריפן פּאָליטישע, ווי „פּאַרטיי״, „רעוואָלוציע״, „סאָציִאַליזם״ א. ד. גל. מיר האָבן שוין אָבער פריִער געזען ווי אַזוי די בורזשואַזע לעקסיקאָגראַפיע קען אויסניצן ווערטער פון גאַנץ „נייטראַלע״ געביטן, שטייגערישע ווערטער אַף צו דורכפירן דורך זיי אַ באַשטימטע וועלטאָנשויונג, אַ געוויסן קוק אַף זאַכן און דערשײַנונגען. דערבײַ האָט מען זיך ניט באַנוגנט מיט אַ ריין פילאָלאָגישער אופקלערונג פונעם וואָרט, צי מיט נאָר אַ היסטאָרישער פאַספאָרטירונג. מע האָט געמוזט אָנקומען צו „פילאָזאָפיע״, ד. ה. אַרײַנדרינגען אין דעם טאָך פון די באַגריפן, עמעס, מערסטנס באַגרענעצנדיק זיך דערבײַ מיט אַ לאָגישער אָדער אַ פּסיכאָלאָגישער אינטערפּרעטאַציע; מע האָט געמוזט אָנקומען צו באַטראַכטן די ז אַ כ ן, און ניט נאָר די וואָס דאָס וואָרט גופע באַטײַט, נאָר אויך די מיט וואָסערע עס קומט אין באַריר. לאָמיר זיך דערמאָנען כאָטש די אויסטײַטשונגען פון די ווערטער Salary אָדער Good בײַ פונק און וואַגנאַל. די דאָזיקע דערפאַרונג פון דער בורזשואַזער לעקסיקאָגראַפיע מוזן מיר איבערנעמען, דערגאַנצן און סיסטעמאַטיש איבעראַרבעטן. באַם דערקלערן דאָס וואָרט „געהאַלט״ וועלן מיר אויך דאַרפן ריידן סיסטעמע וועגן דעם, ווי מע רופט דאָס וואָס בײַ אַ בורזשואַזער אָרדענונג קריגט אַ „רעדאַקטאָר״ און וואָס עס קריגט דער „זעצער״, און אין וואָס באַשטייט דאָ דער עמעסער אונטערשייד, מיר וועלן אָבער דאַרפן צוגעבן די געהעריקע אָפּשאַצונג פון דער דערשײַנונג, פאַרגלײַכן מיט דעם ווי דאָס זעט אויס אין אַ לאַנד, וווּ עס בויט זיך סאָציִאַליזם; באַם וואָרט „גוט״ קען זײַן סע זאָל אונדז אויך אויסקומען צו ריידן אפילע אי וועגן אַ „גוטן פערד״, אי וועגן אַ „גוטן געשעפט״, מיר וועלן אָבער דאַרפן יעדער מאָל אַזאַ בײַשפּיל אַרײַנפּאַסן אין דער געהעריקער סאָציִאַלער ראַם.

לאָמיר נעמען נאָך אַ פּאָר בײַשפּילן פון ייִדיש צו אילוסטרירן דעם דאָזיקן געדאַנק, בײַשפּילן דאַפקע פון סאַמע „געוויינטלעכע״ ווערטער. פאַרן באַגריף „געליבטער״ קענען מיר אָנקלײַבן אַ גאַנצן בינטל סינאָנימען: כאָסן, געליבטער, אַ ייִנגל, אַ פרײַנט, אַ גוטער באַקאַנטער, אַ יאַט, אַ כאַוואַר און אַז. וו. מע קען פאַרשטייט זיך, געבן אַ פּסיכאָלאָגישע אינטערפּרעטאַציע פון די אַלע ווערטער, צ. ב.: „כאָסן״ דירעקט אויס דעם באַגריף אין טראַדיציִאָנעל־פּאַטריִאַרכאַלער

עפּנטלעך־געזועצלעכער באַנעמונג; „געליבטער“, פאַרקערט, איז ראָמאַנטיש אָדער
אָפּט פאַרבאַהאַלטן, צי אַפילע אומגעזועצלעך; „א יִנגל“ — איז אינטים־נאַיִוו;
„א פרײַנט“, „א גוטער באַקאַנטער“ אַנטשפּרעכן דעם באַגריף „געליבטער“, וואָס
איז שוין אַזוי צו זאָגן, פאַרגעזועצלעכט, אָבער פאַרבאַהאַלטן אָדער
פאַרשטעלט־אָנגעצויגן, מאַנירלעך; „א יאַט“ — איז ווילעריש; „א כאַוועד“ —
פּראָסט, אָפן און אַז. וו. אומגעפער אַף אַזאַ אויפן און אין אַזאַ סטיל ווערט אין
ווערטערביכער געגעבן אָט דער מין אויסטײַטשונגען. דאָ באַקומט זיך, אַז די
אַלע אויסדרוקן זײַנען גלײַכבאַרעכטיקט, יעדערער פאַר א באַשטימטער „פּסי־
כאָלאָגישער“ סיטואַציע. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז גאָר ניט גענוג, וואָרעם
איטלעכער פון די דאָזיקע אויסדרוקן איז אויפגעקומען אין פאַרשיידענע צײַטן,
אין גאַנץ פאַרשיידענע סוויוועס, בא גאָר פאַרשיידענע באַדינגונגען. און נאָר
אויפקלערנדיק אָט די סאָציִאַלע היסטאָרישע נאַטור פון די אַלע באַגריפן, אַרײַנ־
רעכענענדיק אויך ווי יעדערער פון זיי ענדערט זיך אין פאַרלויף פון דער צײַט,
ערשט דאַן וועט אונדז קלאָר ווערן די סאָציִאַלע און, בעמיילע, אויך די פּסי־
כאָלאָגישע באַפאַרבונג פון יעדערן פון די דאָזיקע ווערטער. מיר זאָלן זיי קענען
אָפּשאַצן יעדער מאָל, קעדייִ פּאַסיק אויסצוניצן בא אַנטשפּרעכיקע געלעגנהײַטן.

אָדער לאָמיר נעמען אַזאַ וואָרט ווי „אופשניט“. „אופשניט“ ווערט באַנוצט
צו באַצייכענען קאַלטע, געדעמפּטע פלייש פון פאַרשיידענע מינים, ווי ברוסט,
וווּרשט, צונג און ד. גל., וואָס ווערט אָנגעשניטן אין דינע שטיקער. דאָס
וואָרט איז אָט דעם באַנוץ קומט פון דײַטש און איז מיסטאָמע אַנטליִען אין
יִדיש פון די דײַטשישע וווּרשט־מאַכער. אָבער אַכוץ דעם האָט בא אונדז
איצט דאָס וואָרט נאָך א באַטײַט, וואָס ווערט זייער אָפּט באַנוצט. מיר טרעפן
אָפּט אַזעלכע אויסדרוקן: „באַטראַכטן א פראַגע, א פּראָבלעמע אין אַזאַ אָדער
אַן אַנדער א ו פ ש נ י ט“, סינאָנימיש צום אויסדרוק: „באַטראַכטן א פראַגע אין אַזאַ
פ ל א ך“, ד. ה. פון א געוויסער זײַט. פונוואַנען קומט דער דאָזיקער אויסדרוק,
ווי אַזוי האָט ער זיך אויסגעבילדעט? ווי פאַרבינדט זיך עס מיט דעם וואָרצל
„שנײַדן“, וועלן מיר פרעגן א־לאַ ליטרע? דער סינאָנימישער אויסדרוק, וואָס
מיר האָבן דאָ געבראַכט — „פלאַך“ — שטויסט אַף דעם געדאַנק, אַז דאָס זאָל
האָבן א שײַכעס צו א געאָמעטרישן באַגריף, אַנטשפּרעכיק דעם רוסישן раз-
рез, וואָס ווערט באַנוצט אין דעם זעלביקן זינען. אָבער דער געאָמעטרישער
טערמין разрез ווערט אין יִדיש געוויינטלעך איבערגעזועצט „ש נ י ט“, אין
דײַטש „ד ו ר כ ש נ י ט“, טאָ פון וואַנען זשע נעמט זיך די פאָרמע „אופשניט“?
מיט ריין פילאָלאָגישע מיטלען וועט מען די דאָזיקע פראַגע ניט קענען פאַרענט־
פערן. נעמען מיר אָבער די ק אָ נ ק ר ע ט ע באַדינגונגען, בא וואָסערע אָט דאָס
וואָרט, און נאָך פיל ענלעכע, זײַנען אויפגעקומען בא אונדז, דאַן ווערט די
פראַגע געלייזט. און אָט די קאָנקרעטע באַדינגונגען זײַנען: דער האַסטיקער
וווּקס און באַרײַכערונג פון דער שפּראַך מיט פאַרשיידענע אַבסטראַקטע באַג־
ריפן, וואָס די רעוואָליוציע האָט פאַרורזאַכט, די באַדינגונגען אין וואָסערע
יִדיש האָט זיך געפונען, ווי א שפּראַך, וואָס האָט ערשט א דאַנק דער לעני־
נשער נאַציִאָנאַלער פּאָליטיק געקראָגן די מעגלעכקײַט אַלזײַטיק צו אַנטוויקלען
זיך און אין א גאָר קורצער צײַט אַרײַנעמען אין זיך אַזוי פיל באַגריפן פון
אַזוי פיל גאָר פאַרשיידענע געביטן; דער מעכטיקער אײַנפלוס פון רוסיש, פון
איין זײַט, און געוויסע עלעמענטן פון סטיכייִשקײַט, וואָס האָבן אַן אָרט נאָך ביז

איצט אין דעם פּראָצעס פון שאַפן נײַע ווערטער אין ייִדיש, פון דער צווייטער זײַט: די אָפּגעשטאַנענקײַט פון אונדזער שפּראַך-פאָרשונג, וואָס איז נאָך ביז איצט דאָ זייער ווייניק געקומען צו הילף; ספּעציעל בא דעם פאַל, וואָס מיר באַהאַנדלען דאָ, שפּילט נאָך א געוויסע ראָלע אויך דער מאָמענט, וואָס קיין פּיקסירטע געאָמעטרישע טערמינאָלאָגיע, אזא וואָס זאָל זײַן אַלגעמיין אָנגענומען און פּאָפּולער, האָבן מיר נאָך ניט, און אז. וו. נעמענדיק דאָס אַלץ אין באטראַכט, איז זיך גאַנץ לײַכט פאַרצושטעלן, ווי אזוי באַם איבערזעצן דאָס וואָרט раз-рез — און דאָס איז פאַקטיש דער קאַנאַל, דורך וואַנען דאָס וואָרט איז צו אונדז געקומען — האָט דער איבערזעצער עס געמאַכט בוכשטעבלעך, לויט דעם פּאַשטעַן זינען פון וואָרט, געמאַכט, ווי מע רופט עס, א „קאַלקע״. עפּשער האָט ער גאָר אפילו ניט א טראַכט געטאָן דערבײַ, אז דאָס וואָרט האָט אין גרונט א געאָמעטרישן באַטײַט, אז עס קומט פון דער טעכניק, אז עס דאַרף באַטײַטן — „פּראָפיל״, „באַטראַכטן אָדער פאָרשטעלן די זאַך אין א געוויסן פּראָפיל״. ביפּ־ראַט, אז אין רוסיש איז דער באַנוץ פונעם וואָרט разрез אין אָט דעם זינען געוואָרן אזוי אָפט, אז זײַן געאָמעטרישער הינטערגרונט איז שוין שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן אין באַוווּסטזײַן. פאַרקערט, ווען מע זאָל באַטראַכטן דאָס וואָרט „אופשנים״ פון שטאַנדפּונקט פון איבערזעצן, איז עס געמאַכט געוואָרן דאַפקע גוט, וואָרעם פון דעם אויסוואַל, וואָס דער איבערזעצער האָט פאַר זיך געקענט האָבן — „שניט״, „דורכשניט״, „אופשניט״ — איז דער לעצטער דער סאַמע באַקוועמער אין דעם פאַל, וואָרעם די ערשטע צוויי — „שניט״, „דורכ־שניט״, — האָבן זייער געוויינטלעכן פאַרשפּרייטן באַטײַט, וואָס וואָלט דאָ געקענט ברענגען נאָר צו א פּלאָנטער.

* * *

מיר האָבן שוין פריִער געזען ווי אזוי לעקסיקאָגראַפן שטעלן די פראַגע וועגן סינאָנימען, די באַהויפּטונג, אז עס איז ניטאָ אין א שפּראַך קיין צוויי ווערטער, וואָס זאָלן קענען פאַרבײַטן איינס דאָס אַנדערע. לאַרוס פאַרופט זיך דערבײַ אַף מאַרמאָנטעלן. אָבער גראָד אין מאַרמאָנטעלס פאָרמולירונג, וואָס לאַרוס ברענגט, איז דאָ, לויט אונדזער מיינונג, זייער א וויכטיקע באַגרענע־נעצונג פון אָט דער באַהויפּטונג. מאַרמאָנטעל רעדט אויס בעפּיירעש, אז דעם זעלביקן באַגריף קענען צוויי ווערטער ניט אויסדריקן אין אַלע פאַלן, אז ניט בא יעדער געלעגנהײַט קענען זיי פאַרבײַטן איינס דאָס אַנדערע, און נאָכ־דעם, — אז קיין פולשטענדיקע סינאָנימיע איז ניטאָ ווי א שטענדיקע דער־שײַנונג. הייסט דאָך עס, אז בעדערעך קלאַל קענען אזעלכע פאַרבײַטונגען יאָ פאָרקומען, ניט מעגלעך זײַנען זיי נאָר בא געוויסע פאַלן. איך קען זיך דאָ איצט ניט אָפּשטעלן גענוי אַף דער פּראָבלעם פון סינאָנימיע, איך האָף נאָך אומקערן זיך צו דער דאָזיקער פראַגע. דאָ וויל איך נאָר אַרויסרוקן איין טעזיס, ניט צעוויקלענדיק אים דערווײַלע מער געניי. אזוי: געוויינטלעך קענען סינאָני־מען פונקציאָנירן ווי ווערטער צווישן זיך אדעקוואַטע, זיי קענען פאַרבײַטן און פאַר־בײַטן פאַקטיש איינע די אַנדערע. אז ניט וואָלטן זיי קיין סינאָנימען ניט געווען. די אונטערשיידן צווישן זיי זײַנען מערסטנס, אזוי צו זאָגן, אין פּאָטענץ און טרעטן אַרויס בוילעט נאָר בא געוויסע באַדינגונגען. דערבײַ ווײַזן זיי זיך אַמאָל אַרויס אזוי שאַרף, אז עס קען שוין קיין שום רייד ניט זײַן וועגן פאַר־

בײַטן די סינאָנימישע ווערטער אײנס אױף דאָס אַנדערע. און איצט נאָר אַ פּאָר בײַשפּילן צו אילוסטרירן עס.

די לעצטע צײַט האָבן מיר געהאַט אַזאַ פאַל. בײס עס זײַנען פאַרעפנט-לעכט געוואָרן דעם כאַווער מאָלאָטאָווס טעזיסן צו דער 17-טער קאָנפערענץ אַל. ק.פּ.(ב). װעגן די דירעקטיװן צום אױפשטעלן דעם פּלאַן פון 2-טן פינפ-יאָר, האָט דאַן בײַ אײניקע כאַװײרים אַרױסגערופן ספּײקעס דאָס אָרט, װוּ עס רעדט זיך װעגן „בײַקומען אין באַװוּסטזײַן די רעשטלעך פון קאַפּיטאַליזם". דאָס װאָרט „ב ײַ ק ו מ ע ן", קען מען זאָגן, האָט דאָ געשאַפן אַ מיספאַרשטײע-ניש. די לעצטע עטלעכע יאָר, דערהױפּט די יאָרן פונעם ערשטן פינפיאָר, איז דאָס װאָרט „בײַקומען" גראָד זײער אָפט באַנוצט געװאָרן. מיר רײדן קעסײ-דער װעגן ב ײַ ק ו מ ע ן די שװעריקײַטן, װאָס שװימען אַרױס אין פּראָצעס פון אָנגעשטרענגטן בױען דעם פונדאַמענט פון סאָציאַליזם. און עס איז גאַנץ נאַטירלעך װען אָט דאָס װאָרט „ב ײַ ק ו מ ע ן" אַסאָצײַרט זיך בײַ אונדז מיטן באַגריף „ל י ק װ י ד י ר ן", „פ אַ ר נ י כ ט ן". „בײַקומען" און „ליקװידירן" (אין זינען פון „פאַרניכטן") זײַנען געװאָרן סינאָנימען. אָנװענדנדיק אָבער דעם באַג-ריף „ל י ק װ י ד י ר ן" אין דעם פאַל פון די דערמאָנטע טעזיסן, האָט מען אין דעם אײַנגעזען שיר ניט אַ „לינקן שפּרונג" מיצאַד דעם כאַװער מאָלאָטאָװ, װאָס װיל ניט אַנדערש, קלומערשט, װי ל י ק װ י ד י ר ן, פ אַ ר נ י כ ט ן אַלע רעשטלעך פון קאַפּיטאַליזם אין באַװוּסטזײַן פון די מענטשן פאַר די נאָענטסטע פינף יאָר. לעניִן האָט דאָך אָבער בעפײרעש געזאָגט, און אַנדערש קען מען זיך עס ניט פאָרשטעלן, אַז אינגאַנצן אױסלעבן די פּסיכאָלאָגיע פון פּריװאַט-אײגנ-טום, װאָס האָט הינטער זיך אַ טראַדיציע פון הונדערטער און טױזנטער יאָרן, איז אַ זאַך פון דורעס. פון דער אַנדער זײַט, האָט אַזאַ אױסטײַטשונג פונעם װאָרט „בײַקומען", געפירט צו אַן אַנדער מיספאַרשטײעניש, אַז װיבאַלד אין באַװוּסטזײַן אַפילע װערן שױן ל י ק װ י ד י ר ט די רעשטן פון קאַפּיטאַליזם, איז דאָך אַ סאָף צום קלאַסנקאַמף, דאַרף מען דאָך שױן ניט קײן מעלוכע, קײן פּאַרטײ און אַז. װ.[1] צי איז עס אָבער אַזױ? צי באַטײַט טאַקע „בײַקו-מען" אַלעמאָל אױך „ליקװידירן", „פאַרניכטן"? פאַרשטײט זיך, אַז ניט. װען מיר האָבן ב ײַ ג ע ק ו מ ע ן אונדזער סױנע, גרױװער געװוּנען אים, הײסט עס נאָך בעשום אױפן ניט, אַז מיר האָבן אים שױן ל י ק װ י ד י ר ט; אױב מיר זאָלן זיך אײַנרײדן, אַז דאָס איז טאַקע אַזױ, קען דער סױנע, װאָס מיר שענקען אים שױן מער קײן אױפמערקזאַמקײַט ניט, װידער קומען צו זיך, פאַרשטאַרקן זיך און גאָר אומגעריכטערהײט װידער אױפשטײן קעגן אונדז. װען מיר ה אָ ב ן ב ײַ ג ע ק ו מ ע ן אַ שװערקײַט אין אונדזער אַרבעט, אין אונדזער בױונג, הײסט עס נאָך ניט, אַז אַלע מאָל האָבן מיר דערמיט ל י ק װ י ד י ר ט, פ אַ ר נ י כ ט די זאַך, װאָס האָט פאַרורזאַכט די שװעריקײַט; דאָ דאַרף מען בײַ יעדער קאָנ-קרעטן פאַל באַטראַכטן, װאָס בלײַבט מיט דער זאַך, װאָס האָט אונדז די ערשט ב ײַ ג ע ק ו מ ע נ ע שװערקײַט געשאַפן, און דאַרפן שטענדיק זײַן אױף דער װאַך, זי זאָל אונדז ניט ברענגען קײן רעצידיװ פון דער זעלביקער שװערקײַט. און

[1]) עס איז איבעריק צו דערמאָנען, אַז די דאָזיקע „ליקװידאַטאָרן" פון מעלוכע און פּאַרטײ האָבן, אַכוץ אַלעמען, אַרױסגעלאָזן פון אױג, נאָך אײן „קלײניקײַט": קלאַסנקאַמף איז דאָך ניט באַג-רענעצט נאָר מיט די גרענעצן פון אײן מעלוכע, און דער פּסטר בױט דעם סאָציאַליזם אין אַ קאַפּי-טאַליסטישער אַרומרינגלונג.

טאקע אין אָט דעם זינען האָבן אופגעקלערט דעם טעזיס אױף דער פּאַרטײ־קאָנפערענץ דער כ׳ מאַלאַטאָװ אין זײַן פאָרטראָג און נאָך א רײ כאַװײרים אין זײערע ארויסטרעטונגען, װי דער כ׳ קאמינסקי, סטעצקי, שעבאַלדאיעװ און א רײ אנדערע. ניט אומזיסט רעדט זיך אין די טעזיסן און נאָכדעם אין דער רעזאָליוציע פון דער פּארטײ קאָנפערענץ װעגן „פּ א ר נ י כ ט ן קלאסן און די סיבעס, די װאָרצלען, װאָס רופן ארויס דאָס אופקומען פון קלאסן" און װעגן „בײַ קו מ ע ן די רעשטן פון קאפּיטאליזם אין דער עקאָנאָמיק און אין באװוסט־זײַן". אזוי זעען מיר, װי סינאָנימישע אויסדרוקן, װאָס האָבן אין זיך היפּשע אונטערשײדן אין באטײַט, אין דעם געגעבענעם פאל — בענעגײע דעם אָביעקט פון דער טװונג, אויסניצנדיק פיגאראָלס טערמינאָלאָגיע, — קענען אָן שאָדן פארטרעטן אײנע די אנדערע, ביז עס קומט אזא פאל, װו אָט דער אונטערשײד, װאָס איז פריִער געװען, אזוי צו זאָגן, א פּאָטענציִעלער, האָט געמוזט בוילעט ארויסטרעטן.

איצט װעגן א צװײטן פאל. דעם כאװער ליטװינאָװ איז אין זשענעװע אויסגעקומען אײנמאל צו געבן אױף דער „אנטװאָפענונג"־קאָנפערענץ א שפּראך־לעקציע װעגן סינאָנימיק פאר די מיניסטאָרן פון די אימפּעריאליסטישע מעלוכעס, װאָס שפּילן דאָרט א קאָמעדיע פון „אנטװאָפענונג". עס האָט זיך געהאנדלט װעגן די װערטער „פארקירצן" און „באגרענעצן". אין דעם פאל װערט דער אונטערשײד פון באטײַט קלאָר אפילע פון די װאָרצלען גופע פון די צװײ װערטער־דער ערשטער—באטײַט „מאכן ק י ר צ ע ר, ק ל ע נ ע ר, װ י י נ י ק ע ר", דער צװײטער — „שטעלן א ג ר ע נ ע ץ, ניט לאָזן גײן װײַטער". אין געװײנטלעכן באנוץ קען מען אָפּט איגנאָרירן אָט דעם אונטערשײד אָן קײן שום שאָדן און ניצן די צװײ װערטער װי סינאָנימען. אזוי װענדן מיר זיך אָפט צו א רעדנער און מיר בעטן אים, ער זאל זיך „אביסל באגרענעצן", ד. ה. „ער זאל עס מאכן „ק י ר צ ע ר" און ד. גל. אָבער אין דעם פאל אין זשענעװע, װען די אימפּעריאליסטישע זשוליקעס האָבן געװאָלט דורכשמוגלען דעם אויסדרוק „ב א ג ר ע נ ע צ ן די באװאָפענונגען", אָנשטאָט „פּ א ר ק י ר צ ן די באװאָפענונגען", האָט כ׳ ליטװינאָװ זײ געכאפּט בא דער האנט און דערמאָנט זײ, אז „אויב פּ א ר ־ ק י ר צ ן מײנט אויך ב א ג ר ע נ ע צ ן, הײסט אָבער ניט ב א ג ר ע נ ע צ ן אלע־מאל פּ א ר ק י ר צ ן"; פארקערט, „ב א ג ר ע נ ע צ ן די באװאָפענונגען" קען אמאל באטײַטן, אז די באװאָפענונגען פּ א ר ג ר ע ס ע ר ט מען גאָר, נאָר װאָס דען — קלוימערשט ביז א געװיסן גרענעץ.

* * *

די עטלעכע געבראכטע בײַשפּילן האָבן ניט דעם ציל און פרעטענדירן ניט צו געבן א פולשטענדיקע דעפיניציע פון די װערטער. מיר האָבן דאָ נאָר געװאָלט אָנװײַזן, אז קעדײ אזא דעפיניציע צו באקומען, איז ניט גענוג צו פיקסירן די פילבאטײַטיקײַט פונעם װאָרט און זײַן אינעװײניקסטע „זעלבסטבאװעגונג" די דאָזיקע „זעלבסטבאװעגונג" גופע, — פארשטאנען אין א רײן פילאָלאָגישן זינען, װי די אנטװיקלונג פון די פאָרמעס פון װאָרט, אלײן גענומען, — איז נאָך ניט גענוג. די „זעלבסטבאװעגונג" װערט פול ארויסגעבראכט ערשט דאן, װען דער באגריף װערט פאָרגעשטעלט אין אלע זײַנע פּ א ר ב י נ ד ו נ ג ע ן מיט דער ארומיקער װעלט, אין זײַן אָנגעװענדטקײַט צו דער מענטשלעכער פּראק־

טיק, אין זײַן רעאלער פונקציע. בעמיילע, מוז שוין די גאנצע מענטשלעכע פראקטיק אריַין אין דער דעפיניציע, און ניט סטאם ווי אן „אָביעקטיווע" פיקסירונג פון פאקטן, נאָר טאקע „ווי דער פראקטישער באשטימער פון דער פארבינדונג פון דעם קעגנשטאנד מיט דעם וואָס איז נייטיק דעם מענטשן".

---

מיר האָבן באַרירט א ריי פראגעס, וואָס זײַנען פארבונדן מיט דער פראָבלעם פון שאפן א ווערטערבוך. זיי וועלן דארפן נאָך ווײַטער באארבעט און פארטיפערט ווערן. גאָר פיל פראָבלעמעס זײַנען נאָך דאָ, וואָס מע דארף זיי ערשט שטעלן. מיר האָבן דערווײַלע אויך ניט באַרירט די פראגע, ווי אזוי שטייט עס אין דער ייִדישער לעקסיקאָגראפישער ליטעראטור. כאָטש קיין אויסטײַטש-ווערטערביכער אין ייִדיש זײַנען נאָך ניטאָ, זײַנען דאָך אָבער פאראן אייניקע איבערזעץ-ווערטערביכער, מיר געפינען אויך אין דער ליטעראטור געגוג ארויסזאָגונגען, פרוּוון פון אויסטײַטשונגען פון איינצלנע ווערטער א. ד. גל. דאָס אלץ דארף, פארשטייט זיך גענומען ווערן אין באטראכט און באהאנדלט ווערן. אכוץ דעם, מוז מען נאָך באטראכטן א ריי פראגעס, וואָס זײַנען פארבונדן דירקעט מיט דעם ווערטערבוך, וואָס מיר פראָיעקטירן שוין איצט צוטרעטן צו ארבעטן איבער אים. מע וועט דארפן באטראכטן, אף וויפל איז שוין דאָ איצט מעגלעכקײַטן צו פארווירקלעכן די פאָדערונגען, וואָס אונדזערער א ווערטערבוך דארף, לויט אונדזער מיינונג, באפרידיקן; מע וועט אויך דארפן באהאנדלען די פראגעס פון אָרגאניזאציע, פון מעטאָדן און טעכניק פון אזא ארבעט א. אז. וו. א טייל פון די אלע פראָבלעמעס וועלן מוזן באהאנדלט ווערן אין ספעציעלע ארבעטן, און באזונדערע מאָנאָגראפיעס. אף אייניקע פראגעס וועלן מיר זיך אָפשטעלן אין די ווײַטערדיקע קאפיטלען.

יאנוואר—אפרעל 1932.

ה. שקליאר

# יידיש־ווייסרוסישע שפּראַכלעכע פּאַראַלעלן

מיט די צווישנבאַציִונגען צווישן יידיש און די ארומיקע סלאַווישע שפּראַכן האָט מען זיך אין אונדזער לינגוויסטישער ליטעראַטור אין אַלגעמיין ווייניק פאַרנומען, און אפשר מע האָט יאָ גערעדט וועגן דעם, האָט מען זיך אָפּגע-שטעלט קימאַט אויסשליסלעך אויף די לעקסישע אַנטלייַונגען פון איין שפּראַך אין דער צווייטער, ד. ה. אויף די סלאַווישע ווערטער און אויסדרוקן, וועלכע זיינען אַרייַן אין יידיש און אויף די יידישע ווערטער און אויסדרוקן, וואָס זיי-נען אַרייַנגעדרונגען אין די אָרטיקע סלאַווישע שפּראַכן. מיט דעם אָבער באַ-גרענעצט זיך ניט די קעגנזייַטיקע ווירקונג צווישן אָט די שפּראַכן, אפילו אפן געביט פון לעקסיק זעלבסט. זי גייט אַסאַך ווייַטער און טיפער. איין שפּראַך ווירקט אויף די גרונט-ווערטער פון דער צווייטער שפּראַך, ענדערנדיק די באַ-דייַטונגען זייערע און צוגעבנדיק זיי נייַע באַדייַטונגען, אין איין שפּראַך ווערן אויסגעבילדעט גאַנצע יוערטער, ווענדונגען און פראַזעאָלאָגיעס, געבויט לויטן מוסטער פון די אַנטשפּרעכיקע ווערטער, ווענדונגען און פראַזעאָלאָגיעס אין דער צווייטער שפּראַך.

אויף דערדאָזיקער זייַט שפּראַכלעכע ווירקונגען האָט מען אין דער מייַרעוו-אייראָפּייִשער לינגוויסטיק שוין לאַנג געלייגט אכט, אין דער יידישער לינג-וויסטיק אָבער האָט מען זיך אויף דעם, אויסער צופעליקע באַמערקונגען און אָנווייַזונגען, קימאַט ווי ניט אָפּגעשטעלט.

דאָ, אין דער אַרבעט, ווילן מיר באַהאַנדלען דעם פּראָצעס פון סעמאַנ-טישע, וואָרטבילדנדיקע און פראַזעאָלאָגישע קעגנזייַטיקע ווירקונגען צווישן דער ווייַסרוסישער שפּראַך, פון איין זייַט, און צווישן די יידישע ריידענישן אין ווייַסרוסלאַנד, פון דער צווייטער זייַט.

די ווייַסרוסישע בייַשפּילן זייַנען גענומען הויפּטזאַכלעך פון די פּאַראַנענע ווייַסרוסישע ווערטערביכער, אַלגעמיינע און קאַנט-ווערטערביכער, פון די פּאַ-ראַנענע ווייַסרוסישע מאָנאָגראַפישע דיאַלעקט-באַשרייַבונגען. מיר האָבן אויך אויסגעניצט צוליב דעם צוועק די ווייַסרוסישע פאָלקלאָריסטישע זאַמלונגען. באַם גרעסטן טייל בייַשפּילן ווערן געבראַכט קורצע דערקלערנדיקע פּראַזעס, גענומען פון די זעלביקע קוועלן.

די אַלע בייַשפּילן ווערן דאָ געבראַכט אין דער מאָדערנער ווייַסרוסישער

אָרטאָגראַפיע, כאָטש אין פאַרשיידענע קוועלן איז די אָרטאָגראַפיע א פאַרשיי-
דענע. פאַר אונדזערע צילן איז אָבער ניט וויכטיק די פאָנעטישע זײַט פון אָט
די בײַשפּילן און דערפאַר איז ניט נייטיק צו האַלטן זיך לאַ דער אָרטאָגראַפיע
פון די קוועלן.

1

דעם מאַטעריאַל, וועלכן מיר ברענגען, טיילן מיר אײַן אף צוויי גרופּעס
אָפּהענגיק פון דעם, צי מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט איינצלנע ווערטער אָדער
מיט גאַנצע פראַזעס. אין דער ערשטער גרופּע שיידן מיר אונטער ווײַטער
צוויי פאַלן: ענדערונג פון באַדײַטונג פון וואָרט, פון איין זײַט, און אויסביל-
דונג פון נײַע ווערטער, נײַע דעריוואַציעס, פון דער צווייטער זײַט. מיר האָבן,
אף אַזאַ אופן, צו באַטראַכטן דרײַ גרונט-פאַלן פון אַנאַלאָגישע דערשײַנונ-
גען אין יידיש און ווײַסרוסיש אפן געביט פון לעקסיק און פראַזעאָלאָגיע:
אַנאַלאָגישע סעמאַנטישע אַנטוויקלונג פון וואָרט, אַנאַלאָגישע וואָרט-אויסביל-
דונג און אַנאַלאָגישע פראַזעאָלאָגישע אַנטוויקלונג. לויט אָט דעם פּרינציפּ
טיילן מיר אײַן דעם מאַטעריאַל. פאַרשטייט זיך, אַז אָט די טיילונג
איז א ריין פאָרמעלע, אין דער ווירקלעכקײַט איז אוממעגלעך דורכצופירן א
פעסטע גרענעץ צווישן איין פאַל און דעם צווייטן. מיר האַלטן זיך אָבער בא
דער אײַנטיילונג אויסשליסלעך צוליב טעכנישער באַקוועמלעכקײַט, ניט פאַר-
בינדנדיק מיט איר וואָסערע עס איז פּרינציפּיעלע מאָמענטן. צוליב דערזעל-
ביקער ריין טעכנישער באַקוועמלעכקײַט גרופּירן מיר די בײַשפּילן לויט באַ-
זונדערע רייד-טיילן.

מיר הייבן אָן פון ערשטן גרונט-פאַל, פון אַנאַלאָגישער סעמאַנטישער אַנט-
וויקלונג פון וואָרט. מיר באַגעגענען זיך דאָ מיט דעם פאַקט, וואָס אויב א
וואָסער עס איז וואָרט האָט אין איין שפּראַך, אויסער זײַן גרונט-באַדײַטונג,
אויך א צוגאָב-באַדײַטונג, האָט זייער אָפט דאָס אַנטשפּרעכיקע וואָרט אין דער
צווייטער שפּראַך דיזעלביקע צוגאָב-באַדײַטונג. מע קאָן ברענגען פיל בײַ-
שפּילן פון דעם.

מיר הייבן אָן פון סובסטאַנטיוון:

דאָס וואָרט „אײַזן" ווערט אָפט באַנוצט, איבערהויפּט אין דער שנײַדער-
שפּראַך, אין דער באַדײַטונג „פּרעס". אַן אַנאַלאָגישע באַדײַטונג האָט דאָס ווײַס-
רוסישע וואָרט жалезка (нагрэць жалезка).

דאָס וואָרט „באַרג" האָט אין די יידיש-ווײַסרוסישע ריידענישן, אויסער זײַן
גרונט-באַדײַטונג, אויך די באַדײַטונג „בוידעם". פּונקט דיזעלבע באַדײַטונג
האָט אין ווײַסרוסיש דאָס וואָרט гара (сявалка ляжыць на гары).

דאָס וואָרט „בלעך" באַצייכנט אָפט א מין פלאַכע בלעכערנע פאַן, אף
וועלכער מע זעצט אין אויוון געבעק, אין זעלבן זין ווערט באַנוצט אין ווײַס-
רוסיש דאָס וואָרט бляха (давай бляху, будзем пірогі садзіць).

דאָס וואָרט „בריק" האָט אין א ריי ערטער אין ווײַסרוסישן יידיש די
באַדײַטונג „דיל", אַן ענלעכע באַדײַטונג האָט אויך דאָס ווײַסרוסיש וואָרט
мост (мышы пішчаць пад мастом, памый мост).

דאָס וואָרט „טרער" ווערט באַנוצט אָפט אף צו באַצייכענען א קליינע

קוואנטיטעט פליסיקײַט, אין זעלבן זין ווערט געברויכט אין ווײַסרוסיש דאָס וואָרט сьляза (карова... сьлязу дае малака).

דאָס וואָרט „לאָקשן" האָט, אויסער זײַן גרונט-באדײַטונג, אויך די באדײַטונג „קאנטשיק". אן ענלעכע באדײַטונג האָט אין ווײַסרוסיש лапша (глядзі, каліб лапшы не засыпалі)

דאָס וואָרט „סיבע" ווערט באנוצט אין ווײַסרוסישן ייִדיש ניט נאָר מיט דער באדײַטונג „אורזאך", נאָר אויך מיט דער באדײַטונג „צופאל", איןביידע באדײַטונגען ווערט אויך באנוצט אין ווײַסרוסיש דאָס וואָרט прычына (ці чуў ты, якая там прычына зрабілася)

דאָסזעלבע מיט אדיעקטיוון:

דאָס וואָרט „אייגענער" האָט אין ווײַסרוסישן ייִדיש די באדײַטונג „קאָרעוו", דיזעלבע באדײַטונג האָט אין ווײַסרוסיש דאָס וואָרט свой (яна мне свая).

דאָס וואָרט „קרומער" באצייכנט אָפט א הינקעדיקן, דאָסזעלבע באצייכנט אויך דאָס ווײַסרוסישע וואָרט крывы (крыві, пакуль то дакоўдыбае).

דאָס וואָרט „לעבעדיקע" באנוצט מען אָפט אין ייִדיש אלס אייפעמיזם צום באגריף „עקסקרעמענטן", מיטן זעלבן זין באנוצט מען אויך אין ווײַסרוסיש דאָס וואָרט жывое (жывое пахне).

גאָר אסאך בײַשפילן אזעלכע האָבן מיר מיט צײַטווערטער. אָט זײַנען די וויכטיקסטע פון זיי:

דאָס וואָרט „אראָפווארפן" ניצט מען אין ייִדיש אין זין אראָפזעצן, אראָפנעמען פון דער שטעלע, אין זעלבן זין ווערט באנוצט אין ווײַסרוסיש דאָס וואָרט скінуць (судзьдзей паскідалі прэжніх).

דאָס וואָרט „באהאלטן" באטײַט אין אייניקע ערטער פון ווײַסרוסלאנד באגראָבן, מעקאבער זײַן, אין זעלבן זין ווערט באנוצט אין ווײַסרוסיש דאָס וואָרט пахаваць (дзіця ў тый жа дзень і пахавалі, як памерла).

דאָס וואָרט „בינדן זיך" האָט אויך די באדײַטונג טשעפען זיך, אָנגרײַפן אף וועמען, דיזעלבע באדײַטונג האָט דאָס ווײַסרוסישע וואָרט вязацца (што ён ка мне вяжыцца).

דאָס וואָרט „גראָבן זיך" באטײַט אין ייִדיש אויך פירן שטילערהייט א העצע קעגן וועמען, שטילערהייט גרייטן וועמען א מאפאָלע, אין דערזעלבער באדײַטונג ווערט באנוצט אין ווײַסרוסיש דאָס וואָרט рыцца (ён рыецца пад мяне).

דאָס וואָרט „דרייען" באטײַט אויך שווינדלען, דיזעלבע באדײַטונג האָט דאָס ווײַסרוסישע круціць (дык вы круціць думаеце).

דאָס וואָרט „האָבן" ווערט אין ווײַסרוסישן ייִדיש באנוצט אין דער באדײַטונג „געבאָרן", אין דערזעלבער באדײַטונג ווערט באנוצט אין ווײַסרוסיש דאָס וואָרט мець (жонка яго не сына мела, а шчанё).

דאָס וואָרט „ווארפן" באנוצט מען אין זין אויפהערן, אָפשטעלן, אין זעלבן זין באנוצט מען אין ווײַסרוסיש דאָס וואָרט кінуць (кінуў курыць).

דאָס וואָרט „טראָגן" באנוצט מען אין זין „אָנגעטאָן זײַן", אין זעלבן זין באנוצט מען דאָס ווײַסרוסישע насіць (ня мела чаго есьці і насіць).

דאָס וואָרט „כאפן" באטײַט אָפט אין ווײַסרוסישן ייִדיש „אײַלן", דיזעלבע

באַדײַטונג האָט דאָס ווײַסרוסישע хватацца (не хвтайся, да вечара яшчэ пасьпееш).

דאָס וואָרט „כאפן זיך" ווערט געברויכט אין זין גלײַך באנעמען א זאך, גלײַך פארשטיין די זאך, אין זעלבן זין באגעגנען מיר אין ווײַסרוסיש דאָס וואָרט паймацца (хлопец паймаецца ўсяго, што яму ні пакажаш).

דאָס וואָרט „ליפן זיך" ווערט באנוצט אין יידיש אף צו באצייכענען געשלעכט-פארקער בא בעהיימעס, אין זעלבן זין באנוצט מען אין ווײַסרוסיש דאָס וואָרט бегацца (ваша авечка бегаецца).

דאָס וואָרט „לייגן זיך" ווערט באנוצט אין יידיש אין זין לייגן אייער (די הינער לייגן זיך), אין זעלבן זין ווערט באנוצט אין ווײַסרוסיש דאָס וואָרט класьціся (куры добра кладуцца).

דאָס וואָרט „נעמען זיך" הייסט אין יידיש אויך גאראנטירן, נעמען אף זיך די פאראנטוואָרטלעכקײַט, דיזעלבע באַדײַטונג האָט דאָס ווײַסר. брацца (за сябе самаго толькі бярыся).

דאָס וואָרט „רירן זיך" הייסט אין יידיש „אונטערײַסן זיך", קריגן א בויך-ברוך, דאָסזעלבע הייסט אין ווײַסרוסיש דאָס וואָרט зрушыцца (зрушыўся бедны, падымаючы пад сілу).

דאָס וואָרט „רײַבן זיך" באטײַט דרייען זיך ארום עמיצן, אין דערזעל-ביקער באַדײַטונג ווערט באנוצט אין ווײַסרוסיש דאָס וואָרט церціся (усё трэцца каля бальшых).

דאָס וואָרט „שולדיק זײַן" הייסט גלײַכצײַטיק אי טראָגן אף זיך די פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר א פארברעך, אי זײַן א באלכויוו, דיזעלבעביידע באַדײַטונגען האָט דאָס ווײַסרוסישע быць вінаватым (ён мне вінаваты грошы).

דאָס וואָרט „שענקען" הייסט אויך אין יידיש „מוכל זײַן", אין זעלבן זין ווערט באנוצט דאָס ווײַסרוסישע даравацць (я-ж табе не дарую гэтага машэнства).

אין די אלע געבראכטע בײַשפילן באגעגענען מיר זיך מיט איין פאקט: די סעמאנטישע עוואָליוציע פון א וואָסער ניט איז וואָרט אין איין שפראך איז ענלעך צו דער סעמאנטישער עוואָליוציע פון דעם אנטשפרעכנדיקן וואָרט אין דער צווייטער שפראך. די ענדערונגען קענען דאָ זײַן די פארשיידנסטע. מיר האָבן דאָ, אויב מע זאָל זיך האלטן בא דער פאָרמאליסטישער קלאסיפיקאציען סײַ מעטאפאָרעס, סײַ מעטאָנימיעס, סײַ סינעקדאָכעס, מיר האָבן דאָ סײַ פאלן פון סעמאנטישער אוניווערסאליזאציע, סײַ פון סעמאנטישער ספעציאליזאציע, אין אייניקע בײַשפילן איז די אנטוויקלונג פון דער נײַער באַדײַטונג אוועק אזוי ווײַט, אז עס פילט זיך שוין שוואך די פארבינדונג אירע מיט דער גרונט-באַדײַטונג, אין אנדערע בײַשפילן פילט זיך נאָך בוילעט די מעטאפאָרישקײַט פון דער צוגאָב-באַדײַטונג, אָבער אומעטום האָבן מיר איינע און דיזעלביקע זאך: איינע און דיזעלביקע ווערטער אין ביידע שפראכן באקומען איינע און דיזעלביקע באַדײַטונגען.

2

מיר גייען איבער צו דער צווייטער גרופע אנאלאָגישע דערשײַנונגען, צו דער גרופע פון אנאלאָגישע וואָרט-אויסבילדונגען. אויב פריער האָבן מיר גע-

זען, אז א וואָרט אין איין שפּראַך באַקומט א נײַע באַדײַטונג אנאַלאָגיש דעם אנטשפּרעכנדיקן וואָרט אין דער צווייטער שפּראַך, זעען מיר דאָ ווי אין איין שפּראַך ווערט אויסגעבילדעט א נײַער וואָרט, אנאַלאָגיש צו א ענלעכן וואָרט אין דער צווייטער שפּראַך. אָט זײַנען בײַשפּילן אזעלכע:

אין ווײַסרוסישן יידיש באַצייכנט דער סובסטאַנטיוו „אלמערל" א מין לאַריאָק, פון וועלכן מע פאַרקויפט קליינקייטן, מיט דער זעלבער באַדײַטונג האָבן מיר אין ווײַסרוסיש דאָס וואָרט шкапка (голкі у шкапках прадаюцца).

דאָס וואָרט „אָנשיקעניש" באַטײַט אין יידיש אן אומדערוואַרטעטן אומגליק, אין ווײַסרוסיש האָבן מיר אן אנאַלאָגישע אויסבילדונג насланьне (насланьне нейкае гэты дождж бяз конца).

דאָס וואָרט „מעסטל" (פאַרקלענער פאָרמע פון „מאָס"), באַצייכנט אין יידיש א געוויסע מאָס פון שיטעוודיקע קערפּערס, אין זעלבן זין האָבן מיר אין ווײַסרוסיש דאָס וואָרט мерка (дзьве меркі пшаніцы).

דאָס וואָרט „אויגל" אין יידיש באַצייכנט צווישן אנדערן א פעסלע בייסן שטריקעווען, אין ווײַסרוסיש האָבן מיר אן אנאַלאָגישן וואָרט вочка (вочка спусціла).

פיל בײַשפּילן אזוינע האָבן מיר בא אייגנשאַפטס-ווערטער:

„אָנגעשלאָגענער" הייסט אין יידיש אָנגעפּילטער, פאַרפּולטער, אן אנאַלאָגישע אויסבילדונג האָבן מיר אין ווײַסרוסיש набіты (набітая машна), грошаў).

„אָפּגעלאָזענער" הייסט אין יידיש אומציכטיקער, אין ווײַסרוסיש האָבן מיר אן אנאַלאָגישע אויסבילדונג апушчэнец (-як ты ходзіш апушчэнец).

„אָפּגעקראָכענער" באַטײַט פאַרוועלקטער, אָפּגעבליאַקעוועטער, אין ווײַסרוסיש אנאַלאָגיש — аблезлы (нейкі аблезлы твар).

„גערירטער" הייסט אין יידיש אונטערגעריסענער, אין ווײַסרוסיש אנאַלאָגיש зрушаны (на зрушанага каня ня трэба многа класьці).

„צעדרייטער" הייסט אין יידיש מעשוגענער, פסיכיש קראַנקער, אין ווײַסרוסיש מיט דערזעלבער באַדײַטונג кручоны (кручоныя людзі).

„צעלאָזענער" הייסט אין יידיש שטיפער, אין ווײַסרוסיש מיט דערזעלבער באַדײַטונג распусны, распушчаны (распусныя дзеці).

„צעקראָכענער" באַצייכנט אין יידיש צעפּוילטער, אין ווײַסרוסיש אנאַלאָגיש разьлезлы (разьлезлы грыб).

אויך אין דעם פאַל האָבן מיר די גרעסטע צאָל בײַשפּילן בא צײַטווערטער. פיל בײַשפּילן פון אנאַלאָגישע ווערבאַלע אויסבילדונגען אין דער פּוילישער שפּראַך און אין גאַליציאַנישן יידיש האָט געבראַכט א. לאַנדוי אין זײַן אַרטיקל „די סלאַווישע עלעמענטן און האַשפּאָעס אין יידיש". („פיל.שריפטן" ב. II און III). פיל פון זײַנע בײַשפּילן זײַנען פאַראַן אויך אין ווײַסרוסישן יידיש, טאַקע יענע, וואָס זייער סלאַווישער עקוויוואַלענט געפינט זיך אויך אין ווײַסרוסיש.

מיר שטעלן זיך ניט אָפּ אַף יענע בײַשפּילן פון צונויפגעזעצטע ווערטער, ווו דער וואָרט האַלט אײַן זײַן גרונט-באַדײַטונג, מאָדיפיצירנדיק זי נאָר עט-

וואָס אָפּהענגיק פון כאראקטער פון צוגעגעבענעם פּרעפיקס. בא לאנדוי איז דאָס ראָוו בײַשפּילן פון דעם מין. אזוינע בײַשפּילן קאָן מען ברענגען זייער אסאך, אויסשעפּן זיי איז אומעגלעך, און גערעכט איז א. לאנדוי, ווען ער ווײַזט אָן, אז דאָ איז „פאראן אן אומבאגרענעצטע מעגלעכקײַט צו בילדן נײַע צונויפזוע־צונגען לויטן מוסטער פון די ביזאיצטיקע".

מיר נעמען דאָ נאָר יענע אויסבילדונגען, אין רעזולטאט פון וועלכע עס באקומט זיך א נײַע באדײַטונג, וועלכע האָט נאָר א ווײַטערע שײַכעס צו דער גרונט-באדײַטונג פון ווערב. אזעלכע בײַשפּילן זײַנען בא לאנדוי ווייניק, טייל־ווײַז זײַנען זיי פאראן אויך אין ווײַסרוסישן ייִדיש. מיר האָבן צ. בש. אין ווײַסרוסישן ייִדיש:

„איבערבײַסן" (גרינג אָפּעסן), „איבערשלאָגן" (איבערהאקן אין רייד), „איבערבעטן" (אנטשולדיקן זיך, מעכילע בעטן), „איבערקלײַבן" (אויסקלײַבן אין עסן) — אנאלאָגיש צו די ווײַסר. перакусіць, перабіраць, перапрашаць, перабіць.

„אײַנבעטן" (דורך ביטעס ווירקן אף וועמען), „אײַנהאלטן זיך" (אָפּהאלטן זיך פון עפּעס), אנאלאָגיש צו די ווײַסרוסישע упрашвацца, устрымацца.

„אָנארבעטן זיך" (אָנהאָרעווען זיך), „אָנבלאָזן זיך" (אינקאַעס ווערן), אנאלאָגיש צו די ווײַסרוסישע надуцца, напрацавацца, א. א. וו.

עס זײַנען אָבער פאראן א גאנצע ריי ווערבאלע אויסבילדונגען, וועלכע מיר באגעגענען ניט בא א. לאנדוי, נאָר וועלכע געפינען זיך אין ווײַסרוסישן ייִדיש און האָבן אנאלאָגן אין די ווײַסרוסישע ריידענישן, ווי צ. בש.:

„אונטערײַסן זיך" אין זין קריגן א בויך־ברוך, אין ווײַסר. падарвацца (падарваўся у прыпар на рабоце).

„אונטערלערנען" אין זין אָנלערנען, אָנריידן צו עפּעס א האנדלונג, אין ווײַסר. падвучыць (падвучыў красьці).

„אונטערפירן" אין זין אָפּנארן, אין ווײַסר. падвадзіць (не хачу дарма падвадзіць людзей).

„אויסהונגערן זיך"—שטארק הונגערן—אין ווײַסר. выгаладацца (выглядаўся за дзень добра).

„אויסקריכן" — אויסלינײַען — אין ווײַסר. вылазіць (галава вылезла).

„אויסקרענקען" — פארקרענקען — אין ווײַסר. выхварэць (каб ты гэтае выхварэў).

„אויסריידן זיך"—ניט בעקיוון עפּעס זאָגן—אין ווײַסר. вымаўляцца (вымавіўся не знарок).

„אויסרײַבן זיך"—אויסמענטשלען זיך—אין ווײַסר. выцерціся (каля людзей выцеруцца, рабоце навучацца, людзьмі будуць).

„איבערלאָזן"—מויכל זײַן—אין ווײַסר. перапушчаць (перапусьці яму на гэты раз).

„איבערנעמען"—גיין אנטקעגן, באגעגענען—אין ווײַסר. перанімаць (пераймі коні).

„איבערעסן"—דורכעסן—אין ווײַסר. пераядаць (іржа пераядае жалеза).

„איבערקלײַבן" — אָפּקלײַבן די בעסערע עקזעמפּלאַרן — אין ווײַסר. перабіраць (перабіраць картофлю на насеньне).

„אײַנברעכן" אין זין איבעררײדן, באַהערשן — אין ווײַסר. уламіць (як не уламлівалі яго, не ўламілі).

„אײַנהאַלטן" — באַרויִקן — אין ווײַסר. устрымаць (насілу сутрымаў яго).

„אײַנלייגן זיך" — אײַנפּרעסן זיך — אין ווײַסר. улягацца (сьнег улягаецца; сена улеглося).

„אײַנמאַכן זיך" — באַשמוצן זיך — אין ווײַסר. удзелацца (дзіцё ўдзелалася).

„אײַנשטעלן זיך" — קומען צו שוץ פּאַרטײדיקן ווערן אין ווײַסר. — устаўляцца (што ты за яго ўстаўляешся).

„אַרומנעמען" — באַראַבעווען — אין ווײַסר. абабраць (Міколу зладзеі абабралі да тла).

„אַרומרײַסן זיך" — צערײַסן, צעטראָגן די בגדים — אין ווײַסר. абарвацца (абарваўся як жабрак).

„אַרופשלאָגן זיך" — דערגרייכן עפּעס, אַרופאַרבעטן זיך — אין ווײַסר. узьбіцца (узьбіцца на каня).

„אָנדרייען זיך" — אומדערוואַרטעט אַרײַנקומען — אין ווײַסר. накруціцца (бяда накруцілася).

„אָנזעצן זיך" — אָנוואַרפן זיך אף עמיצן — אין ווײַסר. насесьціся (населіся на чалавека).

„אָנלעבן זיך" — דערווערבן גוטס, אייגנטום דערגרייכן דערצו — אין ווײַסר. — нажыцца (нажыўся ўсякага дабра).

„אָנעמען זיך" — אײַנשטעלן זיך, פּאַרטײדיקן — אין ווײַסר. узымацца (узымайцеся братцы за мяне).

„אָנשלאָגן זיך" — פֿאַרלייגן די אייגענע דינסט־גרייטקײַט — אין ווײַסר. — набівацца (яна набілася мне са сваей работай).

„אָפּגײן" — באַרויִקן זיך — אין ווײַסר. — адыходзіць (скора рассердіцца і скора адыходзіць).

„אָפּקריכן" — אָפּבליאַקעווען, אָפּוועלקן — אין ווײַסר. — аблазіць (яшчэ новая спадніца, а чыста ўся аблезла).

„דורכלאָזן" — שענקען, מוחל זײַן — אין ווײַסר. — прапушчаць (паследні раз прапушчаю табе).

„דורכנעמען" — דורכדרינגען — אין ווײַסר. — прабіраць (холад прабрэў, дык і захварэў).

„דערגעבן" — צוגעבן, דערלייגן — אין ווײַסר. — дадаць (дадай яму яшчэ пудзікаў пяць сена).

„פֿאַרגײן" — פֿאַרקלעמען באַם האַרצן — אין ווײַסר. — заходзіць (серца заходзіць).

„פֿאַרגײן" — אונטערגײן (די זון־אונטערגאַנג) — אין ווײַסר. — заходзіць (сонца зайшло).

„פארגיין זיך" — שטארק צעוויינען זיך — אין וויַסר. — захадзіцца (дзіця крычыць, аж заходзіцца).

„פארײַסן זיך" — אנטבלויזן זיך — אין וויַסר. — задзірацца (не задзірайся, стыдна).

„פארלאָזן זיך" — אָנטרויען וועמען — אין — וויַסר. — спускацца (ня спускайся ты на яго, падманіць ён табе).

דאָס זעלבע „פארלאָזן זיך" אין זין אופהערן געבן מילך, אין וויַסר. — запускацца (карова зусім запусьцілася).

„פארלעבן" — פארגעברויכן — אין וויַסר. — зажываць, спажывац (зажываць табаку).

„פארלעבן זיך" — דעראָבערן וואָס איז עס, דערגרייכן אין וויַסר. — зажыцца (хоць бы на хлеб зажыцца).

„פארלייגן זיך" — גיין אין געוועט — אין וויַסר. — закладацца (закладземся аб рубля).

„פארווײַסן" — צוגעבן מילך אין א געקעכץ — אין וויַסר. — забяляць (забяляць капусту).

„פארפאָרן — א קלאפ טאָן — אין וויַסר. — заехаць (я табе заеду).

„פארקוקן זיך" — קוקן פארכאפטערהייט אף עפעס — אין וויַסר. — заглядацца (шоў заглядзеўся і упаў ўніз).

„צונעמען זיך" — שלאָגן, וואָרצלען, אָנהייבן וואקסן — אין וויַסר. — прымацца (яблоначкі прымаюцца).

„צוואָרפן" — שטילערהייט אונטערוואַרפן — אין וויַסר. — прыкінуць (дзіця сваё мне прыкінула).

„צוקלײַבן" — ברענגען אין אָרדענונג, צופוצן — אין וויַסר. — прыбі-рацъ (прыбяры хату).

„צורײדן זיך" — געבן אָנצוהערעניש אף עפעס — אין וויַסר. — пры-маўляцца (прымаўляецца, штоб я яму падарыў доўг).

„צושטיין" — אײַנמאטערן זיך (צבש. אין וועג) — אין וויַסר. — прыстаць (конь прыстаў у дарозе).

דאָסזעלבע „צושטיין" אין זין שטארק פאָדערן, צוטשעפען זיך — אין וויַסר. — прыстаць (прыстае, прыстае ды і драцца лезе).

אויך דאָ ווערן די נײַבילדונגען אויסגעבילדעט לויט די סאמע פארשיידנסטע, פון פאָרמעלן שטאנדפונקט, אויפאנים און אויך דאָ זעען מיר ווי אין ביידע שפראכן ווערן זיי אויסגעבילדעט אפן זעלבן אויפן און האָבן די זעלביקע באדײַטונגען.

צו דערזעלבער גרופע קענען מיר צורעכענען די אויסבילדונג פון א. ג. אינוואריאנטן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אין איין שפראך א פינקטלעכע איבערזעצונגען פון דער צווייטער שפראך, ווי צ. בש.:

„אזוי זיך" — אין וויַסר. — так сабе.

„אינגיכן" — אין וויַסר. — у скорасьці.

„מיט אלעמען" אין זין פולקאָם, אינגאנצן — אין וויַסר. — зусім (з+усім).

„אין צווייען", „אין דרײַען" און אז. וו. אין זין זאלבאנאנד, זאלבאדריט אין ווײַסר. — утрох, удвух

„ווו-ניט-ווו, „ווען-ניט-ווען", „ווי ניט-ווי"—אין ווײַסר. — дзе-ні-дзе, калі-ні-калі, як-ні-як.

„ניטאָ ווו", „ניטאָ ווען", ניטאָ וואָס", „ניטאָ ווער" — אין ווײַסר. — няма дзе, няма калі, няма што, няма хто.

„ניט שוין־זשע" — אין ווײַסר. — няужо-ж א. א.

אָט די בײַשפּילן פירן שוין אונדז אריין אין א נײַער גרופּע אויסבילדונגען, אויסבילדונגען פון גאנצע וואָרט־באהעפטן פון גאנצע פראזעאָלאָגיעס. זיי וועלן מיר באטראכטן אין קומענדיקן קאפּיטל.

3

מיר האָבן געזען ווי פארשיידענע ווערטער ענדערן זייער באדײַטונג, ווי פארשיידענע ווערטער באקומען נײַע באדײַטונגען און ווי אָט די באדײַטונגען אנטשטייען פאראלעל אין יידיש און ווײַסרוסיש. אָט די פילבאטײַטעוודיקייט. פילסעמאנטישקײַט איז כאראקטעריסטיש פארן וואָרט ביקלאל. זײַן פינקטלעכע באדײַטונג באקומט א וואָרט נאָר שטייענדיק אין זאץ, אין קאָנטעקסט. שטייענדיק אין א באשטימטן קאָנטעקסט באקומט אָפט דאָס וואָרט א ספּעציעלע באדײַטונג, וואָס שטייענדיק באזונדער האָט ער זי ביקלאל ניט, און בילדעט אויס מיט די שכיינעסדיקע ווערטער א ספּעציעלן וואָרט-באהעפט, א געוויסן פראזעאָלאָגישן איינס. יעדע שפּראך פארמאָגט אירע ספּעציעלע וואָרט-באהעפטן, אירע פראזעאָלאָגישע אויסדרוקן, וועלכע לאָזן זיך ניט איבערזעצן אין א צווייטער שפּראך. פאר אונדז איז דאָ וויכטיק דאָס, וואָס אין ווײַסרוסישן יידיש און אין די ווײַסרוסישע ריידענישן באגעגענען מיר זייער אָפט איינע און דיזעלבע וואָרט־באהעפטן, איינע און דיזעלבע פראזעאָלאָגישע אויסדרוקן. די וואָרט-באהעפטן און פראזעאָלאָגישע אויסדרוקן אין איין שפּראך, שטעלן מיט זיך פאָר א פּינקטלעכע איבערזעצונג פון די אנטשפּרעכיקע וואָרט-באהעפטן און אויסדרוקן אין דער צווייטער שפּראך. מיר וועלן עס איליוסטרירן מיט א ריי בײַשפּילן.

לאָמיר נעמען די באהעפט פון א סובסטאנטיוו מיט אן אדיעקטיוו (אן אָביעקט מיט אן אטריבוט). אָט האָבן מיר אין יידיש אויסדריקן ווי:

„לעכערדיקע הענט" — אין ווײַסרוסיש מיט דערזעלבע באדײַטונג — дыравыя рукі.

„קײַלעכדיקער יאָר" — אין ווײַסר. מיט דערזעלביקער באדײַטונג — круглы год.

„בלוטיקע געלט" — אין ווײַסר. מיט דערזעלביקער באדײַטונג — крывавыя грошы.

„בלוטיקע טרערן" אין ווײַסר. крывавыя сьлезы.

„ביטערע אלמאָנע", „ביטערע יעסוימע" אין ווײַסר. горкая ўдава, горкая сірата.

אָדער א פארבינדונג פון צוויי סובסטאנטיוון:

„א פּאָר וואסער" אין זין צוויי עמער וואסער, אין ווײַסר. — пара вады.

באַזונדערס אָפט האָבן מיר די פאַרבינדונגען פון א צײַטוואָרט מיט א באַהערשטן סובסטאַנטיוו. ווי צ. בש.:

„איבערלייגן די שטוב", ד. ה. פון דאָסנײַ איבערלייגן די ברעווענעס — אין ווײַסר. перакласьці хату.

„איבערשיטן א שטוב" מיט דערזעלביקער באַדײַטונג, אין ווײַסר. — перасыпаць хату.

„אראָפּלאָזן פון מעקעך" אין זין ביליקער מאַכן, אין ווײַסר. — спускаць ад цаны.

„אראָפּשלאָגן זיך פון וועג"—פאַרבלאָנדזשען—אין ווײַסר. — зьбіцца з дарогі.

„אָנעמען זיך צאָרעס" אין ווײַסר.—набрацца гора.

„אָנלייגן מיטן קאָפּ"—אין ווײַסר.—налажыць галавой.

„אָפּזאָגן יערושע"—אין ווײַסר.— адказаць насьледзтва.

„אָפּזיצן א פוס" אין ווײַסר.—адсежваць нагу.

„אָפּזעצן טירן, פענצטער"—צופּאַסן טירן, פענצטער — אין ווײַסר. — абсаджваць вокны, дзьверы.

„אָפּשרײַבן יערושע" אין ווײַסר.—адпісаць насьледзтва.

„גיין איבער די הײַזער"—בעטלען אין ווײַסר. — хадзіць па хатах.

„געבן א נאָמען"—אָנרופן—אין ווײַסר.—даць імя.

„געבן א גוטמאָרגן"—באַגריסן—אין ווײַסר. — даць дзень добры.

„געבן אן אייצע" אין ווײַסר. — даць раду,

„געבן אפן וועג"—געבן וועג-הויצאָעס—אין ווײַסר. — даць на дарогу.

„דערגיין דעם עמעס"—דערוויסן זיך דעם עמעס—אין ווײַסר. — даходзіць праўды.

„האַלטן וואָרט"—אויספילן א צוזאָג אין ווײַסר.—трымаць слова.

„טומלען א קאָפּ" אין ווײַסר. — тлуміць галаву.

„כאַפּן זיך פאַרן קאָפּ"—שטאַרק פאַרוווּנדערן זיך—אין ווײַסר. — схапіцца за ґалаву.

„לאָזן זיך אין וועג"—אין ווײַסר. — пусьціцца у дарогу.

„מאַכן א סאָף"—טויטן—אין ווײַסר. — рабіць канец.

„פאַנאַנדערלייגן א פײַער"—אין ווײַסר. — раскладаць агонь.

„פאַרוואַרפן א וואָרט"—בעטן פאַר עמיצן—אין ווײַסר. — прыкінуць слова.

„פאַרזאָגן א צענטן"—פאַר קיין פאַל ניט איבערכאַזערן א טאַט—אין ווײַסר. — дзясятаму заказаць.

„פאַרלאָזן א קרענק"—ניט היילן זיך—אין ווײַסר. — запушчаць хваробу.

„פאַרקערן די האַלאָבלעס"—אומקערן זיך אף צוריק—אין ווײַסר. — павярнуць аглоблі.

„קייַקלען זיך מיטן בויך"—לייַדן שטארקע בויך-ווייטיקן—אין ווייַסר.— катацца жыватом.

„קריכן אין די אויגן"— שטארק צושטיין — אין ווייַסר. — лезьці у вочы.

„רייַבן צייַט"— פאַטערן אומזיסט צייַט—אין ווייַסר. церці час.

„שטעלן א טיש"— אייַנאָרדענען א מאָלצייַט — אין ווייַסר. — ставіць стол.

„שטעלן אָ שטוב"— בויען א שטוב—אין ווייַסר. — ставіць хату.

„רייַסן זיך אף די ווענט"— אין ווייַסר. — дзерціся на сьцены (на сьцену дзярэцца ад болі).

„רייַסן אף זיך די האָר"— שטארק באדויערן — אין ווייַסר. — рваць на сабе валасы.

„שארפן די ציינער" (אף ועמען) — גרייטן זיך צו אָנגרייַפן אף אים— אין ווייַסר. — зубы тачыць.

ניט נאָר עלעמענטארע וואָרט-באהעפטן, נאָר גאנצע פראזועאָלאָגיעס, גאנצע פראזעס געפינען מיר שוטפעסדיקע אין ביידע שפראכן. עס איז גענוג אָנצוּווייַזן אף די פאָלגנדיקע:

„אף וואָס די וועלט שטייט" זאָגט מען יידיש, ווען מע וויל אונטער-שטרייַכן די אינטענסיווקייַט פון א טוונג, און פונקט אזוי זאָגט מען אין ווייַסר. — на чым сьвет стаіць.

„איך וואָלט אים דערטרונקען אין א לעפל וואסער" זאָגט מען אין יידיש אף דעם, ועמען מע האָט שטארק פייַנט, און פונקט אזוי זאָגט מען אין ווייַסר. — у ложцы ўтапіў-бы.

„ברעכט ער די קאָפּ" זאָגט מען אין יידיש, ווי א קלאָלע, אין ועלבן זין אין ווייַסר. — ламі яго галава.

„גיט ניט א קלאפּ א פינגער אָן א פינגער" זאָגט מען אין יידיש וועגן דעם, וואָס טוט גאָרנישט — אין ווייַסר.— палец аб палец не ўдарае.

„געבאָרן אין א העמדעלע" זאָגט מען אף איינעם, וואָס האָט שטענדיק מאזל —אין ווייַסר.— у сарочцы радзіўся.

„דער טויט איז אפן נאָז" זאָגט מען אין יידיש אף דעם, וואָס האַלט שוין באם שטארבן—אין ווייַסר.— сьмерць на насу.

„הויל ווי די מאמע האָט געהאט" זאָגט מען אין יידיש אף דעם וואָס איז זייער אָרעם—אין ווייַסר. голы, як маць радзіла.

„וואקסט ווי אף הייוון" באטייַט אין יידיש וואקסט זייער גיך—אין ווייַסר. расьце, як на дрожжах.

„זאָל מייַנע אריבערגיין" באנוצט מען אין יידיש אין דער באדייַ-טונג נאָכגעבן, גיין אף האנאָכעס — אין ווייַסר.— няхай наша перайдзе.

„זאָלסטו אזוי וועלן לעבן" זאָגט מען אין יידיש איינעם, קעדיי צו ווייַזן, אז מע גלויבט אים ניט—אין ווייַסр.— каб ты так жыць хацеў.

„זיצט ווי א ביין אין האלדז" הייסט אין יידיש—ער זיצט פעסט און מע קען פון אים ניט פּאָטער ווערן—אין ווייַסר.— косьцю у горле сядзіць.

„כאָטש לייג זיך און שטארב" זאָגט מען אין יידיש אף צו בא-

צייכענען א אויסגאנגסלאָזע לאגע — אין ווײַסר. хоць лажыся ды памірай.

„ליגן די ציינער אפן פּאָליצע״ ווערט באנוצט אין ייִדיש אין זין פון לײַדן גרויס נויט, הונגער — אין ווײַסר. зубы на паліцу палажыць.

„עס איז ניט ווערט קיין שמעק טאבעק״ זאָגט מען אין ייִדיש אף צו באצייכענען, אז די זאך איז גאָרנישט ניט ווערט — אין ווײַסר. нюху табаку ня стоіць.

„עס פעלט א קליאָפּקע אין קאָפּ״ זאָגט מען אף איינעם, וואָס איז ניט אינגאנצן באם זינען — אין ווײַסר. клёпкі аднэй у галаве не хапае.

„עס צעקריכט אונטער די פינגער״ זאָגט מען וועגן צעפוילטע שטאָף — אין ווײַסר. пад пальцамі распоўзаецца.

„עס קריכט פון האלדז״ זאָגט מען אף איינעם, וואָס האָט אלץ איבערפול — אין ווײַסר. лезе з горла.

„קען זיך קיין אָרט ניט געפינען״ זאָגט מען אין ייִדיש אף איינעם, וואָס געפינט זיך אין א שווערער לאגע און איז שטארק צערודערט — אין ווײַסר. месца сабе не находзіць.

„קאם וואָס ער לעבט״ זאָגט מען אף דעם, וואָס איז זייער שוואך — אין ווײַסר. чуць жыве.

דאָסזעלבע אין ייִדיש „קאם וואָס ער שלעפּט די פיס״ — אין ווײַס. чуць ногі цягне א. א. וו. א. א. וו.

מיר זעען דאָ, ווי גאנצע פראזעאָלאָגישע אויסדרוקן, גאנצע ווענדונגען און פראזעס שטעלן מיט זיך פאָר אין איין שפּראך א פּינקטלעכע איבערזעצונג פון דער צווייטער. מיר זעען, ווי ניט נאָר איינצלנע ווערטער באקומען ענלעכע נײַע באדײַטונגען אין ייִדיש און ווײַסרוסיש, ניט נאָר איינצלנע ווערטער ווערן אין איין שפּראך אויסגעבילדעט אנאלאָגיש צו די אנטשפּרעכיקע ווערטער אין דער צווייטער שפּראך, נאָר ווי גאנצע פראזעאָלאָגישע באהעפטן און אויסדרוקן ווערן אין איין שפּראך אויסגעבילדעט לויטן מוסטער פון ענלעכע באהעפטן און אויסדרוקן אין דער צווייטער שפּראך. מע וואָלט געקאָנט גיין ווײַטער און ווײַזן, אז די דערשײַנונג ענדיקט זיך ניט אף דעם, מע וואָלט געקאָנט אָנווײַזן אף גאנצע רעדנסארטן, שפּריכווערטער און נאָך גרעסערע איינסן, בוכשטעבלעך אנאלאָגישע איןביידע שפּראכן. דאָס גייט אָבער שוין ארויס פון די גרענעצן פון אונדזער טעמע.

## 4

מיר האָבן געבראכט א גאנצע ריי בײַשפּילן פון ענלעכער סעמאסעאָלאָגישער, וואָרט - בילדנדיקער, און פראזעאָלאָגישער אנטוויקלונג אין ווײַסרוסישן ייִדיש און אין ווײַסרוסיש. מיר האָבן געזען, ווי א וואָרט אין ייִדיש מאכט דורך דיזעלביקע סעמאנטישע עוואָליוציע, וואָס דער אנטשפּרעכנדיקער וואָרט אין ווײַסרוסיש, ווי אין ייִדיש ווערט אויסגעבילדעט א נײַער וואָרט לויטן זעלבן אופן ווי אין ווײַסרוסיש, ווי אין ייִדיש ווערן אויסגעבילדעט גאנצע פראזעאָלאָגישע איינסן, וואָס עקזיסטירן פּאראלעל אין

ווײַסרוסיש. עס שווימט ארויף די פראגע, מיט וואָס דערקלערט זיך אָט די ענלעכקײַט אין ביידע שפּראַכן? צי האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט דער ווירקונג פון דער ווײַסרוסישער שפּראַך אף דער ייִדישער, צי פאַרקערט, אָדער עפּשער האָבן מיר דאָ צו טאָן אינגאַנצן מיט צוויי זעלבשטענדיקע, אום-אָפּהענגיקע פּראָצעסן? פון איין זײַט זעען מיר, אז קימאט אלע גע-בראַכטע ייִדישע בײַשפּילן פעלן אין דער דײַטשישער שפּראַך, יעדנפאלס, אין דער ליטעראַרישער דײַטשישער שפּראַך, אָדער, אויב זיי זײַנען דאָרטן יע פאראַן, האָבן זיי גאָר אנדערע באַדײַטונגען. דאָסזעלביקע קאָן מען זאָגן אויך וועגן דאָסראָוו בײַשפּילן פראזעאָלאָגישע. אין דער זעלביקער צײַט קענען מיר קימאט אלע געבראַכטע ווײַסרוסישע בײַשפּילן זייער אָפט גע-פינען אין די שכייניסדיקע סלאַווישע שפּראַכן, אין אוקראַיניש, פּויליש, רוסיש, אָפּטמאָל אין עטלעכע פון זיי. דאָס אליין גיט אונדז א גרונט צו האלטן, אז אלנ-פאלס, אין דעם גרעסטן טייל פאלן, דאָ ווו עס רעדט זיך וועגן די ווײַסרו-סיש-ייִדישע ריידענישן, איז די ווירקונג געקומען פון דער ווײַסרוסישער שפּראַך. אָבער קיין ענדגילטיקער באַווײַז איז דאָס, פאַרשטייט זיך, ניט. דאָס פעלן פון דער אָדער יענער דערשײַנונג אין דער דײַטשישער ליטעראַטור-שפּראַך איז נאָך קיין באַווײַז ניט, אז זי איז ניטאָ אין די דײַטשישע דיאַ-לעקטן, אָדער אז זי האָט ניט עקזיסטירט אין א עלטערער עפּאָכע. סאָפּקאָלסאָף קאָן מען נאָר דורך א היסטאָרישער אויספאָרשונג, ווען מע דעקט אויף ווו און בא וועלכע באַדינגונגען איז די אנטשפּרעכיקע דערשײַנונג, דאָס אנטשפּרעכיקע וואָרט, אָדער וואָרט-אויסבילדונג אנטשטאַנען, פעסטשטעלן מיט וואָס פאַר א ווירקונג מיר האָבן דאָ צו טאָן. דאָס דאַרף אָבער געמאַכט ווערן בענעגייע יעדן וואָרט, בענעגייע יעדער דערשײַנונג באַזונדער. דערבײַ דאַרף אויסגע-פאָרשט ווערן די געאָגראַפישע פאַרשפּרייטונג פון דער דערשײַנונג אין ייִדיש און אין די סלאַווישע שפּראַכן.

אָבער אומאָפּהענגיק פון דעם, זײַנען שוין די בײַשפּילן פאַר זיך באַלערנ-דיק. וועגן שפּראַכלעכע ווירקונגען דאַרף מען זאָגן דאָסזעלבע, וואָס עס איז שוין פיל מאָל געזאָגט געוואָרן בענעגייע די ווירקונגען אפן געביט פון ליטע-ראַטור, קונסט, און אנדערע אידעאָלאָגיעס. אידעאָלאָגישע ווירקונגען איז ניט קיין מעכאַנישער פּראָצעס. זיי זײַנען מעגלעך נאָר דאָרטן, ווו די ארומיקע סוויווע, די ארומיקע סאָציאַלע פאַרהעלטענישן זײַנען גינסטיק דערצו.

שפּראַכלעכע ווירקונגען זײַנען מעגלעך דאָרטן, ווו די ארומיקע סאָציאַלע פאַרהעלטענישן שאפן פאַר דעם גינסטיקע באַדינגונגען. נאָר דאָרטן, ווו עס עק-סיסטירט אן ענלעכקײַט פון די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן, א נאָענטקײַט און אופגעבונדקײַט, עקאָנאָמישע און שטייגערישע, צווישן די טרעגער פון צוויי שפּראַכן, איז מעגלעך א ווירקונג פון איין שפּראַך אף דער צווייטער.

די אנאַלאָגישע סעמאַסעאָלאָגיע און פראזעאָלאָגישע אנטוויקלונג אין ייִדיש און אין ווײַסרוסיש איז א רעזולטאַט פון דער נאָענטקײַט, עקאָנאָמישער און שטייגערישער, און אופגעבונדקײַט צווישן די ייִדישע און ווײַסרוסישע מאַסן. דער פּראָצעס איז געוויס א קעגנזײַטיקער. צוגלײַך מיט דער ווירקונג פון ווײַסרו-סיש אף ייִדיש, האָבן מיר דאָ, אָן ספק, אויך א ווירקונג פון ייִדיש אף ווײַסרוסיש, פונקט ווי צוגלײַך מיט די ווײַסרוסישע ווערטער וועלכע זײַנען ארײַנגעדרונגען אין ייִדיש, זײַנען אסאך ייִדישע ווערטער ארײַן אין ווײַסרו-

סיש. דער ענגער צוזאַמענבונד צווישן די ווײַסרוסישע און ייִדישע מאַסן האָט געבראַכט צו אַן ענלעכקײַט אין זייער גאַנצן שטייגער, אין אַרט לעבן, און דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף זייער מאַטעריעלער און גײַסטיקער קולטור. מיר האָבן ענלעכקײַטן אין די מינהאָגים, געוווינהײַטן, זיטן און פֿאָלקלאָר און אַז. וו. דאָס זײַנען אַלץ זאַכן, וועלכע דאַרפֿן נאָך דערלערנט ווערן. דיזעלבי־קע נאָענטקײַט האָבן מיר אויך אויפֿן געביט פֿון שפּראַך: עקאָנאָמישע, געזעל־שאַפֿטלעכע און שטייגערישע נאָענטקײַט האָט געמוזט פֿירן צו אַ שפּראַכלעכער נאָענטקײַט [1].

דאָ מוז מען פֿאַרצייכענען אָט וואָס. קימאַט אַלע געבראַכטע בײַשפּילן זײַנען ווערטער שטייגערישע אין ברייטן זין פֿון וואָרט און דערבײַ ווערטער אַלטגעזע־סענע, אָפּט פֿאַרעלטערטע. עס פֿעלן דאָ אינגאַנצן טערמינען פּאָליטישע, טעכניש־וויסנשאַפֿטלעכע אָדער ביקלאַל ווערטער פֿאַרבונדענע מיט רעוואָליוציאָנערער באַ־וועגונג. דאָס דערקלערט זיך אָבער מיט דעם כאַראַקטער פֿון די קוועלן, מיט דעם וואָס ביסן זאַמלען דעם מאַטעריאַל פֿאַר די קוועלן האָט מען באַוווסטזיניק אויסגעמיטן אַלץ דאָס נײַע אין דער שפּראַך, אַלץ וואָס איז פֿאַרבונדן מיט דעם רעוואָליוציאָנערן קאַמף פֿון די מאַסן. דאָס דערלערנען די רעוואָליוציאָנער־פּאָליטישע טערמינאָלאָגיע און פֿראַזעאָלאָגיע פֿאַר און נאָך דער רעוואָליוציע וואָלט אָן ספֿק אויך דאָ אויפֿגעדעקט פֿאַלן פֿון אַזעלכע פּאַראַלעלן.

## 5

די באַטראַכטע טיפּן פֿון סעמאַסיאָלאָגישע און פֿראַזעאָלאָגישע נײַבילדונגען זײַנען שטענדיק געווען אַן אָביעקט פֿון אָנפֿאַלונג און איגנאָרירונג מיצאַד די פֿאָרשטייער פֿון די נאַציאָנאַליסטישע, ייִדישיסטישע קרײַזן. עס איז גענוג געווען

---

[1]) דער פּראָצעס קומט פֿאָר אומעטום, ווו טרעגער פֿון פֿאַרשיידענע שפּראַכן קומען אין באַרי־רונג צווישן זיך. אין ווײַסרוסלאַנד קומט ער פֿאָר ניט נאָר צווישן ייִדיש און ווײַסרוסיש, נאָר אויך צווישן ווײַסרוסיש און פּויליש. זע וועגן דעם טש. דאָמבראָווסקי ze słownictwa, gramatyki języka ludności polskiej na Białorusi sowieckiej (מינסק 1932). דער אוטאָר ברענגט דאָרטן אַסאַך באַזונדערקײַטן פֿון ווײַסרוסלענדישן פּויליש אין פֿאַרגלײַך מיטן ליטעראַרישן פּויליש, וועלכע האָבן אַנאַלאָגן אין דער ווײַסרוסישער שפּראַך, ווי צ. בש. ciągać się אין זין שלעפּן זיך, אַנאַלאָגיש צום ווײַסרוסישן цягацца doręczac, פֿאַרלייגן, אַנאַלאָגיש צום ווײַסרוסישן даручаць nabrac się, אין זין אָנעסן זיך, אָנשטאָפּן זיך, אַנאַלאָגיש צום ווײַסרוסישן наб-раць podprawić, — אויספֿאַריכטן, אַנאַלאָגיש צום ווײַסרוסישן падправіць; lepiej za niego אָנשטאָט ליטעראַריש־פּוילישן lepej od niego, אַנאַלאָגיש צום ווײַסרוסישן лепш за яго na fabryće אָנשטאָט ליטעראַריש־פּוילישן w fabryce אַנאַלאָגיש צום ווײַסרוסישן на фаб-рыке; און אַז. וו.

אַגעוו די לעצטע בײַשפּילן שטעלן מיט זיך פֿאָר מוסטערן פֿון סינטאַקטישער צוזאַמענווירקונג צווישן די צוויי שפּראַכן. אַזאַ דערשײַנונג האָבן מיר אין ייִדיש אויך, צ. בש — אין אָנווענדונג פֿון פּרעפּאָזיציעס: גיין אין שוועמען, גיין אין גאַסט — אין ווײַסר. хадзіць у грыбы, хадзіць у госьці גיין אויפֿן טײַך, גיין אויף אַרבעט — אין ווײַסר. — хадзіць на работу, хадзіць на раку גיין מיטן וועג, גיין מיטן גאַס — אין ווײַסר. — хадзіць вуліцай. хадзіць даро-гаю שטיין אונטערן פֿענצטער, אונטערן טיר — אין ווײַסר. — стаяць пад вакном. пад дзьвер'ю וווּנדערן זיך אויף וועמען — ווײַסר. — дзівіцца на каго לאַכן פֿון וועמען — אין ווײַסר. — сьмяяцца з каго עלטער פֿון וועמען, בעסער פֿון וועמען — אין ווײַסר. — лепш ад каго. старэй ад каго א. אַנד.

די סינטאַקסישע פּאַראַלעלע דערשײַנונגען אין ייִדיש און ווײַסרוסיש שטעלן מיט זיך פֿאָר אָבער אַ טעמע פֿאַר זיך, וועלכע דאַרף פֿאַר זיך באַאַרבעט ווערן.

דער אָדער יענער וואָרט, דער אָדער יענער אויסדרוק זאָל האָבן אן אנאלאָג אין דער שכיינעסדיקער שפראַך, קעדיי אף אים זאָל ארופגעלייגט ווערן א כשאד, און עס זאָל אים דערקלערט ווערן א באַיקאָט. אָנשטאָט דעם פלעגן זיך אָט די קרײַזן באנוצן מיט גאָר אנדערע וועגן פון שפּראכלעכער נעאָלאָגיזאציע. שטרעבנדיק זיך אָפּצושטויסן פון וואָסערער עס איז ווירקונג מיצאד די ארו־מיקע שפּראכן, האָבן זיי געשעפּט נײַע ווערטער פון אנדערע קוועלן: פון העב־ריייִש, פון אלט־ייִדיש, פון ליטעראַרישן דײַטש. דאָס האָט געטריבן צו אלץ א גרעסערן אײַנרײַס צווישן דער ליטעראַרישער שפראַך און צווישן דער גע־רעדטער שפראַך פון די מאסן.

עס איז גאנץ נאטירלעך דערפאר דער פאקט, וואָס נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, וועלכע האָט ארײַנגעצויגן אין דער קולטור־בויונג די ברייטסטע מאסן ארבעטנדיקע, באמערקן מיר, ווי דער אויפן פון אויסבילדן נײַע ווערטער און באדײַטונגען לויט דער אנאלאָגיע מיט די ארומיקע שפּראכן באקומט די גרעסטע פארשפרייטונג. ניט דאָ איז דער אָרט צו באטראכטן די וועגן פון נעאָלאָגיזאציע־פּראָצעס אין סאָוועטישן ייִדיש. דאָס איז א טעמע פאר זיך, און זייער א וויכטיקע טעמע. מיר שטעלן זיך דאָ אויך ניט קיין ציל צו בארעכטיקן די א ל ע אנאלאָגישע נײַבילדונגען. קלאָר איז אָבער איין זאך, אז אויסבילדונג לויט אנאלאָגיע פארנעמט אין אלגעמיין אין געאָלאָגיזאציע־פּראָצעס אין סאָוועטישן ייִדיש זייער א גרויסן אָרט. עס איז גענוג אָנצווײַזן אף אזעלכע נײַבילדונגען, ווי „ארויסגערוקטער", „זעלבסטפלוס", „זעלבסטפארפליכטונג", „רייניקונג", „פאר־גרייטונג", „פארקירצונג", „אנטבאלעגופעווען", „ארויסלאָזן", „ארויסלאָזנדיק", „וואנטצײַטונג", „דורכארבעטן", „ווירטשאפטלער", און הונדערטער אנדערע אָדער אף אזעלכע אויסדריקן ווי „דורכנעמען אין צײַטונג", „אף אלע הונדערט פּראָצענט", און אז. וו., קעדיי צו איבערצײַגן זיך אין דעם.

עס איז אויך גאנץ נאטירלעך, וואָס די אויסלענדישע פאשיסטישע ייִדי־שיסטישע טוער אין זייער קאמף קעגן דעם סאָוועטן־פארבאנד, קעגן דער פּראָ־לעטארישער קולטור און קעגן דעם סאָוועטישן ייִדיש, ווי א באשטאנד־טייל פון אָט דער קולטור, טרעטן באזונדערס שארף ארויס קעגן אָט די נײַבילדונ־גען, וועלכע פארדארבן, לויט זייער מיינונג, די ייִדישע שפראַך. אָט האָבן מיר אייניקע אזעלכע ארויסטרעטונגען, שוין פארן לעצטן יאָר:

„עס איז פּאָשעט שווער צו פארשטיין, וויאזוי קאָנען געדאנקען וואָס זײַנען פירגעטראָגן געוואָרן אין ייִדיש אזוי איבערזעצט ווערן מאמעש וואָרט בא וואָרט פון רוסיש. דאָ האָבן מיר „אויספילן" אָנשטאָט „אויס־פירן" (ווײַל אין רוסיש выполнять)... פארנעמונג (занятие), „אופ־שניט" (разрез) מיסטאָמע), „באגיטיקט", ווי דער טײַטש פון одобряет „דורכקוקן" און „איבערקוקן" (пересмотр), אָפּלאָזן מיטלען (ווײַל אין רו־סיש отпустить средства און „אײַנגעבונדן צווישן זיך" אָנשטאָט „צונויפגעפלאָכטן", ווייל פאר רוסיש ווערט פאר ביידע באגריפן באנוצט איין טערמין переплетать (א. גאָלאָמב. „ייִוואָ־בלעטער" 1932 יאָר, מארט, ז. 261).

דאָסזעלבע טײַנעט מ. ווײַנרייך:

„אויסלעבן מיט פשאט פון רוסישן изживать איז ביקלאַל פריקרע

איין ייִדיש, ווײַל מיר האָבן שוין דאָס וואָרט אין אזא קאָמבינאציע, ווי „אויסלעבן די יאָרן״ (ייִוואָ־בלעטער, 1932).

די ווערטער „פארנומען״, „אופשניט״, „באגיטיקן״, „אָפּלאָזן מיטלען״, „אויס-לעבן״ און אז. וו. זײַנען אין סאָוועטישן ייִדיש זייער פארשפרייט און קיינער פון אונדז וועט ניט אײַנזען אין זיי קיין שום קינסטלעכקײַט און אומנאָרמאלקײַט

איין ארגומענט שטעלן ארויס די נאציאָנאליסטישע שפראך-טוער קעגן אָט דעם ארט נײַבילדונגען: זיי זײַנען קינסטלעך, זיי זײַנען פרעמד די מאסן, די מאסן פארשטייען זיי ניט. מיר האלטן, אז די בײַשפּילן, וועלכע מיר האָבן גע-בראכט, און וועלכע מע האָט געקענט אסאך פארגרעסערן, ריידן וועגן עפּעס גאָר אנדערש. זיי ווײַזן אונדז, אז אזעלכע אויסבילדונגען זײַנען פארשפרייט געווען שטענדיק דאפקע אין דער מאסן-שפראך, אז אָט דער מין אויסבילדונג איז א נאטירלעכער און מאסנווײַז פארשפרייטער פּראָצעס. ניט די שטעלן זיך קעגן דעם נאטירלעכן שטראָם פון דער שפראך-אנטוויקלונג, וועלכע האלטן זיך בא אָט די נײַבילדונגען, נאָר פארקערט, די, וואָס טרעטן ארויס קעגן זיי, די וואָס באמיִען זיך צו פארבײַטן זיי מיט קינסטלעך אויסגעטראכטע, ארכאִישע, אָדער פון העברייִש גענומענע פאָרמעס.

מינסק. 1932.

ב. שאַצקי

# וועגן לאָגאָטיפּן און אָפּטע קלאַנגען־קאָמבינאַציעס אין דער ייִדישער שפּראַך

דער לינגוויסט — דער גראַמאַטיקער, דער פאָנעטיקער האָבן אין זייער שפּראַך־פאָרשונג זיך אָנגעשטויסן אף דער אָפּטקייט פון פאַרשיידענע קלאַנגען־קאָמבינאַציעס אין דער שפּראַך. דער זעצער האָט אין זיין פּראַקטישער אַרבעט באַגעגנט, שטעלנדיק די איינצלנע בוכשטאַבן אין זיין העקעלע, ווי עס כאַזערן זיך איבער זייער אָפּט גאַנצע שטיקער קלאַנגען־קאָמבינאַציעס. דער סטענאָגראַף האָט אין זיין בליצשנעלן שריפט אָנגעכאַפּט זיך פאַר אָט די אָפּטע קאָמבינאַציעס, וואָס טרעפן זיך אין זיין שרייבן, און האָט פאַר זיי געגעבן ספּעציעלע צייכנס. יעדער געביט האָט געאַרבעט פאַר זיך און ניט אָנגערירט דעם צווייטן; עס האָט זיך באַקומען, אַז די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט איבער שפּראַך איז געווען אָפּגעריסן פון דער פּראַקטישער אָנווענדונג. דאָ איז זייער ווערטפול כ׳ סטאַלינס ווערטער וועגן דעם צוזאַמענבונד פון טעאָריע און פּראַקטיק:

„די טעאָריע ווערט זאַכלאָז, אויב זי איז ניט צוזאַמענגעבונדן מיט דער רעוואָלוציאָנערער פּראַקטיק, פּונקט ווי די פּראַקטיק ווערט בלינד, אויב זי באַלייכט ניט דעם וועג פאַר זיך דורך דער רעוואָלוציאָנערער טעאָריע”.

(יעסוידעס פון לעניניזם).

דער דאָזיקער אַרטיקל האָט דעם ציל צו באַווייזן ווי אַזוי דאָס דערלערנען די אָפּטקייט פון בוכשטאַבן, ווערטער, אַפיקסן, קלאַנגען־קאָמבינאַציעס אין דער שפּראַך, קען האָבן אַ גרויסע פּראַקטישע באַדייטונג אין אַ געוויסן געביט פון אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג.

אין פאַרשיידענע שפּראַכן האָט מען געמאַכט סטאַטיסטישע אויסציילונגען איבער טעקסטן. נאָך אין 1907־טן יאָר האָט איינער יערשאָוו אויסגעציילט 4537 ווערטער אין דער רוסישער שפּראַך מיט אַ צאָל פון 22389 בוכשטאַבן (10.311 וואָקאַלן, 12.078 קאָנסאָנאַנטן). שפּעטער האָבן ענלעכע אויסציילונגען דורכגעפירט פאַרשיידענע רוסישע סטענאָגראַפן (אָלכין, הילדענבראַנד און אַנדערע). אין דייטשלאַנד האָבן אַזוינס דורכגעמאַכט פאָלמאַן און קונאָוו. אַדאַנק דער גרויסער פאַרברייטערונג פון דער פּאָליגראַפישער אינדוסטריע בא אונדז אין פאַרבאַנד, האָט זיך געפאָדערט דורכמאַכן אַ גרעסערע אויסציילונג פון

פארשיידענע טעקסטן. דאָס האָט באַוואָרפט געבן אַן אָריִענטאַציע די בוכ־שטאַב־גיסערײַען, אַז זיי זאָלן האָבן פאַר זיך די פּראָצענט־פאַרהעלטעניש פון פאַרשיידענע בוכשטאַבן, וואָס זײַנען נייטיק אין דער זאַץ־קאַסע, קעדיי אין די דרוקערײַען זאָל מען ניט זײַן אַזוי געענגט אין די גאַנגבאַרע בוכשטאַבן, אין דער צײַט ווען אַף די סקלאַדן האָבן זיך געקליבן שווערע זאַפּאַסן פון די ניט אָפּט־נוצבאַרע בוכשטאַבן.

אין 1927־טן יאָר האָט דער פּאָליגראַפישער דירעקטאָראַט באַם וו. ס. נ. כ. דורכגעפירט אַזאַ אויסציילונג, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט בא 1.060.000 דרוק־צייכנס.

ווען מיר שרײַבן אַראָפּ די פּראָצענט־פאַרהעלטעניש פון אָט דער סטאַטיס־טישער אַרבעט, באַקומען מיר אַזאַ טאַבעלע:

| | | | |
|---|---|---|---|
| П | 2,63 | А | 7,08 |
| Р | 4,49 | Б | 1,60 |
| С | 5,17 | В | 4,26 |
| Т | 6,11 | Г | 1,49 |
| У | 2,33 | Д | 2,84 |
| Ф | 0,17 | Е+Э+Ё | 8,54 |
| Х | 1,00 | Ж | 0,91 |
| Ц | 0,41 | З | 1,65 |
| Ч | 1,40 | И | 7,03 |
| Ш | 0,63 | К | 3,17 |
| Щ | 0,41 | Л | 3,95 |
| Ы | 1,85 | М | 2,15 |
| Ю | 0,68 | Н | 6,08 |
| Я | 2,05 [1] | О | 10,37 |

מיר נעמען דאָ דעם Е מיטן Э און Ё צוזאַמען, ווײַל מיר פאַרגלײַכן עס מיט דער אויסציילונג, וואָס עס האָט דורכגעמאַכט דער סטענאָגראַף הילדענ־בראַנד, און אין סטענאָגראַפיע שרײַבן זיך די דרײַ וואָקאַלן מיט איין צייכן.

הילדענבראַנד האָט זײַן אויִסציילונג געמאַכט אַף אַ פיל קלענערן טעקסט, ווי עס האָט דורכגעפירט דער פּאָליגראַף־דירעקטאָראַט.

## הילדענבראַנדס טאַבעלע:

| | | | |
|---|---|---|---|
| П | 2,6 | А | 7,9 |
| Р | 4,5 | Б | 2,0 |
| С | 5,5 | В | 4,7 |
| Т | 6,7 | Г | 1,3 |
| У | 1,9 | Д | 2,9 |
| Ф | 0,17 | Е+Э | 9,3 |
| Х | 0,8 | Ж | 0,9 |
| Ц | 0,5 | З | 1,8 |
| Ч | 1,4 | И | 6,8 |
| Ш | 0,6 | К | 3,0 |
| Щ | 0,5 | Л | 4,0 |
| Ы | 1,9 | М | 2,7 |
| Ю | 0,78 | Н | 6,7 |
| Я | 2,27 | О | 12,2 |

[1] Революция и письменность № 1, 1933 г., стр. 120.

פארגלײַכנדיק אָט די צוויי טאבעלעס, וואָס זײַנען געמאכט געוואָרן איבער גאָר פארשיידענע טעקסטן מיט א גאָר פארשיידענער צאָל בוכשטאבן, געפי־נען מיר אין זיי א גרויסע ענלעכקײַט. דער פּראָצענט פון די בוכשטאבן Ж, Л, Н, С, Т, Х, Ш, Ф און אנדערע פאלן קימאט ווי צונויף. דאָס באווײַזט, אז הילדענבראנד האָט געהאט דאָס פולע רעכט צו מאכן זײַנע אויס־פירן באגרינדנדיק זיך אף זײַן אויסגעציילטן טעקסט.

אן ענלעכע אויסציילונג האָב איך אויך גענומען דורכפירן אין 1928־טן יאָר אין צוזאמענהאנג מיט דער פארנאנדערארבעטונג פון דער יידישער סטענאָ־גראפיע. פאר דער יידישער סטענאָגראפיע האָב איך אויסגענוצט גאבעלסבער־גערס סיסטעם פון דער דײַטשישער סטענאָגראפיע. אָבער ניט אלע צייכנס, וואָס זײַנען גוט פאר דער דײַטשישער סטענאָגראפישער סיסטעם, זײַנען אינ גאנצן צוגעפאסט פאר דער יידישער. צוליב דעם צוועק האָב איך זיך באטראכט דורכפירן א ברייטע אויסציילונג פון פארשיידענע טעקסטן אין דער יידישער שפּראך. צום ערשטן האָב איך אויסגעציילט איין נומער פון דער צײַטונג „אָקטיאבער" (נומ. 231, (874) פארן 1928־טן יאָר). פאָרזעצן ווײַטער די דאָזיקע ארבעט האָט זיך מיר ניט אײַנגעגעבן, פונדעסטוועגן האלט איך פאר נייטיק צו פארעפנטלעכן דאָ דעם מאטעריאל, וואָס עס איז דאָ בא מיר, אפשר דאָס קען שוין ברענגען א פּראקטישן נוצן.

אין דעם אויבן דערמאָנטן נומער „אָקטיאבער" איז ארײַן א פארשיידנארטי־קער מאטעריאל (באם אָפּקלײַבן דעם נומער פון צײַטונג האָב איך זיך פּרובירט מעיאשעוו געוועזן מיטן פארשטאָרבענעם כאווער וויינגער). אין דעם דאָזיקן נומער איז דאָ א דערציילונג (ביאדוליא — „סאָלאָוויי"), ארבעטער־לעבן, פיל נאָטיצן פון פּראָווינץ, פארשיידענע ארטיקלען וועגן דער אויסערלעכער און אינערלעכער פּאָליטיק. דאָרט איז אויך דאָ אן ארטיקל וועגן דער קולטור־בויונג, טעלעגראמעס, כראָניק א. אז. וו.

די אויסציילונג איז געמאכט געוואָרן אף 14,052 ווערטער. זייער פיל ווער־טער האָבן זיך איבערגעכאזערט, ווי צ. בש. ד י — 593 מאָל, א י ן — 547, ד ע ר — 507, א ו ן — 347, א י ז — 206 א. אז. וו. א. וו. אף אזא אויפן האָט זיך באקומען באזונדערע ווערטער — 3124. בענעגייע די איינצלנע בוכשטאבן האָט זיך באקומען אזא טאבעלע:

## טאבעלע פון בוכשטאבן און זייער קעגנזײַטיקע פּראָצענט־פאר־העלטעניש

| בוכשטאבן | צאָל | פּראָצ. | בוכשטאבן | צאָל | פּראָצ. |
|---|---|---|---|---|---|
| א | 1896 | 2,9 | ה | 446 | 0,7 |
| אַ | 4364 | 6,4 | וו | 1565 | 2,3 |
| אָ | 2514 | 3,8 | ו | 636 | 1,0 |
| ב | 1341 | 2,1 | וּ | 2437 | 3,7 |
| ג | 1995 | 3,0 | ז | 1614 | 2,4 |
| ד | 2699 | 4,4 | ט | 4013 | 6,1 |

| בוכשטאבן | צאָל | פּראָצ. | בוכשטאבן | צאָל | פּראָצ. |
|---|---|---|---|---|---|
| יִ | 4563 | 6,9 | ס | 1666 | 2,4 |
| י | 1322 | 2,0 | ע | 7755 | 11,9 |
| ײַ | 646 | 1,0 | פּ | 751 | 1,1 |
| ײ | 693 | 1,1 | פֿ | 1965 | 2,9 |
| כ | 667 | 1,0 | ף | 337 | 0,5 |
| ך | 396 | 0,6 | צ | 924 | 1,5 |
| ל | 2185 | 3,3 | ץ | 53 | 0,1 |
| מ | 1525 | 2,3 | ק | 1954 | 2,9 |
| ם | 410 | 0,6 | ר | 5169 | 7,9 |
| נ | 2922 | 4,4 | ש | 1277 | 2,0 |
| ן | 3154 | 4,8 | | | |
| | | | צוזאמען | 65854 | 100 |

ווען מע זאָל צעשטעלן באזונדער די וואָקאלן און באזונדער די קאָנסאָנאנטן, לויט דער אָפּטקײַט פון זייער באנוץ אין טעקסט, באקומען מיר אזא בילד:

## וואָקאלן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| ע | 11,9 | אָ | 3,8 |
| יִ | 6,9 | וּ | 3,7 |
| אַ | 6,4 | | |

## קאָנסאָנאנטן: [1]

| | | | |
|---|---|---|---|
| נ | 9,2 | װ | 2,7 |
| ר | 7,9 | ס | 2,5 |
| ט | 6,1 | ז | 2,4 |
| ד | 4,4 | ב | 2,0 |
| פֿ | 3,4 | ש | 2,0 |
| ל | 3,3 | כ | 1,6 |
| ג | 3,0 | צ | 1,6 |
| ק | 2,9 | פּ | 1,1 |
| מ | 2,9 | | |

אגעוו איז שוין דאָ אינטערעסאנט צו מאכן א פארגלײַך פון דער פּראָצענט-פארהעלטעניש פון אייניקע וואָקאלן און קאָנסאָנאנטן אין יידיש, דײַטש און רוסיש.

[1] אין דער טאבעלע האָב איך די שלוס-אויסיעס געגומען צוזאמען מיט די אנטשפּרעכיקע געוויינטלעכע.

## קעגנזײַטיקע פּראָצענט־פאַרהעלטעניש פון וואָקאַלן אין פאַרשיידענע שפּראַכן

| וואָקאַלן | ייִדיש | דײַטש | רוסיש |
|---|---|---|---|
| ע (E) | 28,9 | 44,09 | 24,0 |
| י (И) | 17,16 | 16,0 | 16,5 |
| א (A) | 16,26 | 12,0 | 16,0 |
| אָ (O) | 9,33 | 6,0 | 23,7 |
| ו (У) | 9,08 | 8,0 | 6,4 |

## קעגנזײַטיקע פּראָצענט־פאַרהעלטעניש פון קאָנסאָנאַנטן

| קאָנסאָנאַנט | ייִדיש | דײַטש | רוסיש |
|---|---|---|---|
| נ (H) | 15,56 | 16,6 | 13,7 |
| ר (P) | 13,24 | 12,9 | 7,8 |
| ט (T) | 10,28 | 8,9 | 12,4 |
| ד (Д) | 6,9 | 8,2 | 6,1 |
| פ (Ф) | 5,8 | 2,1 | 0,4 |
| ל (Л) | 5,59 | 5,5 | 7,3 |
| ג (Г) | 5,08 | 4,73 | 3,0 |
| ק (K) | 5,0 | 1,8 | 7,0 |
| מ (M) | 5,0 | 4,0 | 6,15 |
| ס (C) | 4,26 | 10,1 | 10,1 |
| ב (Б) | 4,43 | 2,44 | 2,8 |
| וו (B) | 4,0 | 2,6 | 8,0 |
| כ (X) | 2,68 | 4,3 | 1,6 |
| פּ (П) | 1,9 | 1,22 | 7,3 |
| ה (h) | 1,14 | 2,0 | — |

די דאָזיקע טאַבעלע ווײַזט אונדז קלאָר, אַז די אָפטקײַט פון באַנוץ פון די בוכשטאַבן אין די פאַרשיידענע שפּראַכן פאַלט זעלטן ווי צונויף. דאָך דאַרף מען אָנווײַזן, אַז צווישן ייִדיש און דײַטש איז אין דעם פּראַט פאַראַן אַ גרעסערע נאָענטקײַט ווי צווישן ייִדיש און רוסיש. דאָס זעען מיר אין די טאַבעלעס, סײַ פון די וואָקאַלן, סײַ פאַר די קאָנסאָנאַנטן. די ריי אין דער אָפטקײַט פון די ערשטע 4 בוכשטאַבן צווישן די קאָנסאָנאַנטן (נ, ר, ט, ד) פאַלט צונויף אין ייִדיש און אין דײַטש. דער S האָט אין דײַטש 10,1% און אין ייִדיש 4,26%. דאָס איז אָבער דערפאַר, וואָס אין דײַטש גייט אַרײַן אין דעם S אויך די קאָמבינאַציע Sch (ייִדיש — ש) און דער קלאַנג 3 (ייִדיש — ז).

איך שטעל זיך דאָ מער ניט אָפּ אף דער דאָזיקער פארגלײַכונג, אויך ניט אף דער באדײַטונג, וואָס זי האָט פאר דער סיסטעם פון דער ייִדישער סטע־נאָגראפיע.

אין דעם ארטיקל וויל איך זיך דעריקער אָפּשטעלן אף דער אויסציילונג פון דעם ייִדישן טעקסט. מיר באגעגעגן דאָרט פיל קלאנגען־קאָמבינאציעס, וואָס כאזערן זיך איבער זייער אָפּט:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| 1. | ער | 1402 | 23. | צו | 264 |
| 2. | גע | 798 | 24. | אי | 260 |
| 3. | די | 766 | 25. | יש | 248 |
| 4. | דער | 737 | 26. | קע | 248 |
| 5. | פון | 683 | 27. | בע | 228 |
| 6. | ען | 638 | 28. | איז | 220 |
| 7. | אין | 547 | 29. | ווי | 209 |
| 8. | אר | 501 | 30. | אוי | 208 |
| 9. | ווע | 492 | 31. | מיט | 202 |
| 10. | זי | 428 | 32. | בן | 190 |
| 11. | פאר | 401 | 33. | טן | 189 |
| 12. | און | 349 | 34. | זיך | 184 |
| 13. | לע | 344 | 35. | אף | 184 |
| 14. | טע | 336 | 36. | פר | 181 |
| 15. | מע | 318 | 37. | דעם | 178 |
| 16. | ונג | 312 | 38. | אז | 175 |
| 17. | רן | 298 | 39. | האָט | 173 |
| 18. | יר | 293 | 40. | שע | 154 |
| 19. | בא | 290 | 41. | אן | 151 |
| 20. | נע | 278 | 42. | געוו. | 136 |
| 21. | רע | 265 | 43. | ניט | 130 |
| 22. | שט | 265 | | | |

באמערקונג:

די קאָמבינאציעס „ער", „וי" און אנדערע ווערן ניט ארײַנגערעכנט אין די קאָמבינאציעס „דער", „אוי" און אנדערע, נאָר זיי זײַנען אויסגעציילט געוואָרן באזונדער.

די זייער אָפּטע איבערכאזערונג פון די קלאנגען־קאָמבינאציעס, וועלכע מיר באגעגענען אין דער ייִדישער שפּראך, גיט אונדז א מעגלעכקײַט צו באטראכטן זיך וועגן דעם ייִדישן דרוק־זאץ. דער זעצער קלײַבט אין זײַן העקלע איינצלנע בוכשטאבן פון דער זאץ־קאסע און שטעלט אוף פון זיי קלאנגען־קאָמבינאציעס, ווערטער. ווען מע זאָל אײַנפירן אין דער זאץ־קאסע איינציקע פעכעלעך מיט די אמאָפּסטע נוצבארע קלאנגען־קאָמבינאציעס, אָדער, ווי מען רופט עס אָן, ל אָ ג אָ ט י פּ ן (לאָגאָס—וואָרט, טיפּ—בוכשטאב), דאן וואָלט די ארבעט ניט אין

אן ערעך פארגרינגערט ווערן פאר דעם זעצער. אים וואָלט שוין ניט אויסגעקו-
מען זעצן איינצלנע בוכשטאבן אין זײַן העקעלע, ווי שטיינער באַם ברוקירן,
נאָר שטעלן גאנצע שטיקער. אָט, צ. בש., מיר וועלן ארויסנעמען דערווײַל
פון דער אויבן אָנגעוויזענער טאבעלע דעם „דער", אים אויסגיסן פאר א לאָ-
גאָטיפּ און א קוק טאָן אַף וויפל וואָלט פארגרינגערט געוואָרן דעם זעצערס
ארבעט, ווען ער וואָלט געזעצט דעם אויבן דערמאָנטן נומער „אָקטיאבער",
האָבנדיק דעם לאָגאָטיפּ. אין דעם גאנצן אויסגעציילטן נומער „אָקטיאבער"
כאַזערט זיך איבער „דער" 737 מאָל (דאָס וואָרט צוזאמען מיט דעם פּרעפיקס
„דער") ד. ה. צו יעדער מאָל קומט אויס דעם זעצער מאכן דרײַ באוועגונגען
מיטן האנט, קעדייי אוועקצושטעלן דעם „דער" אין זײַן העקעלע. ווען מיר האָבן
אָבער דעם לאָגאָטיפּ „דער", מאכט עס דורך דער זעצער יעדער מאָל בלויז
מיט איין באוועגונג, און שפּאָרט אײַן אין דעם גאנצן נומער „אָקטיאבער"
1474 באוועגונגען (1474=737—2211, אָדער 2,23% באוועגונגען פונעם זאץ
פונעם גאנצן נומער.

ווען מע זאָל אויסגיסן נאָר 10 לאָגאָטיפּן, באקומען מיר פארן דערמאָנטן
נומער „אָקטיאבער" אזא בילד:

## טאבעלע פון לאָגאָטיפּן

| נומ. | לאָגאָטיפּ | צאָל אין אויסגעציילטן טעקסט | פארשפּאָרט באוועגונגען | אין פראָצ. |
|---|---|---|---|---|
| .1 | דער | 737 | 1474 | 2,23 |
| .2 | ער | 1402 | 1402 | 2,13 |
| .3 | פון | 683 | 1366 | 2,07 |
| .4 | אין | 547 | 1094 | 1,7 |
| .5 | גע | 934 | 934 | 1,4 |
| .6 | אר | 902 | 902 | 1,3 |
| .7 | די | 766 | 766 | 1,2 |
| .8 | און | 349 | 698 | 1,06 |
| .9 | ען | 638 | 638 | 1,0 |
| .10 | ונג | 312 | 624 | 1,0 |
| | | | | 15,09% |

אף אזא אופן זעען מיר, אז מיטן אײַנפירן אינגאנצן 10 לאָגאָטיפּן, וועט
די ארבעט פארגיכערט ווערן אף 15,09%. נאָר ווען מיר קוקן זיך צו צו דער
טאבעלע, זעען מיר, אז דאָ פיגורירן נאָך די ענד-בוכשטאבן. אזוי ווי די ענד-
בוכשטאבן זײַנען שוין אויסגעשלאָסן פון אלפאוויט וועלן מיר דאָך אויסגיסן
אונדזערע לאָגאָטיפּן אָן די ענד-אויסיעס, דאן וועט דער פּראָצענט שטארק
שטײַגן, וואָרעם אזעלכע לאָגאָטיפּן ווי „פונ", „אינ", „אונ", „ענ", וועלן קאָנען
גענוצט ווערן ניט נאָר אין סאָף וואָרט, נאָר אויך אין אָנהייב און אינמיטן.

און עס איז ניט קיין צופעליקײַט, וואָס גראָד אָט די קלאנגען-קאָמבינא-

ציעס, וואָס זיי לייגן מיר עס פאָר אויסגיסן פאר לאָגאָטיפּן, האָבן זיך ארויס-גענויזן פאר די מער גאנגבארע אין דער יידישער שפּראך.

**דער:**

1) מיר האָבן אים אלס ארטיקל אין נאָמינאטיוו 1-טן מין און אין דאטיוו 2-טן מין;

2) אלס ווערבאלן פּרעפיקס (**דער**ציילן, **דער**יאָגן, **דער**ציִען, **דער**מאָנען א. אז. וו.);

3) אין די בינדווערטער און אדווערבן: אָ**דער**, **דער**יבער, **דער**מיט, **דער**פאר, **דער**נאָך, **דער**צו, אינ**דער**פרי, אפּ**דער**נאכט, אינ**דער**לופטן א. א. וו. א. וו.;

4) אין פּראָנאָם: **דער**דאָזיקער, **דער**זעלביקער א. אז. וו.;

**ער:**

1) אין פאָלגענדיקע פּראָנאָמען: **ער**, אונדזער**ער**, איי**ער**ער, זיי**ער**ער, מיי**נער**, דיי**נער**, יענ**ער**, דערדאָזיק**ער**, דערזעלביק**ער**, אייגענ**ער**, איינ**ער**, איטלעכ**ער**, עמיצ**ער**, וו**ער**, וואָס**ער**, קיינ**ער**, וועלכ**ער** א. אז. וו. מיט זייערע דעקלינאציעס;

2) אין אלע אדיעקטיוון — ערשטער מין נאָמינאטיוו און צווייטער מין דאטיוו;

3) אין קאָמפּאראטיוו: שענ**ער**, גרעב**ער**, ערג**ער**, מער**ער** א. א. וו.;

4) אלס סובסטאנטיוו-בילדנדיקער סופיקס פונעם טיפּ: ל**ער**ער, ל**ער**ערקע, של**ער**, של**ער**קע, זינג**ער**, זינג**ער**קע א. א. וו.;

5) אלס מערצאָל-סופיקס: ביכ**ער**, קעלב**ער**, הערצ**ער**, קער-נ**ער** א. א. וו.;

6) בא אדווערבן פונעם טיפּ: קליינ**ער**הייט, גאנצ**ער**הייט, געזונ-ט**ער**הייט, א. א. וו.;

7) בא פּראָפּאָזיציעס און פּרעפיקסן: אויס**ער**, אונט**ער**, איב**ער**, הינט**ער**, אריב**ער**, א. א. וו.;

**די:**

1) אלס אן ארטיקל, וואָס ווערט זייער אָפט באנוצט;

2) מיר האָבן אים ווי א טייל פון גערונדיום: קלייבנדיק, זייענ-דיק, גייענדיק, כאפּנדיק א. א. וו.,

3) אין פּראָנאָם: **די**דאָזיקע, **די**זעלביקע;

4) אין די ווערבאלע אדיעקטיוון און אדווערבן פונעם טיפּ ריידעוו-דיק, בירעוודיק א. אז. וו.;

5) מיר באגעגענען די דאָזיקע קאָמבינאציע אין א רייכער צאָל איצט פארשפּרייטע אינטערנאציאָנאליזמען: **די**פּלאָמאטיע, **די**קטאטור, **די**רעקטיוו, **די**סקוסיע, **די**סקרעדיטירן א. א. וו.

**ען:**

1) אינפיניטיווישער סופיקס (זאמל**ען**, צאמ**ען**, רינ**ען**, זיי**ען**, רוע**ן** א. א. וו.);

2) סופיקס פון ערשטער און דריטער פּערזאָן אין מערצאָל (מיר — זיי זיי**ען**, קומ**ען**, מאָנ**ען** א. א. וו.);

3) סופיקס פון פּארטיציפּ: געגאנג**ען**, גענומ**ען** א. אז. וו.

4) אלס באשטאנדטייל פון גערונדיום: נייענדיק, רוענדיק, זעענדיק א. אז. וו.

5) מערצאָל-סופיקס בא סובסטאנטיוון: בלומען, בינען, שנייען, פרויען א. א. וו.,

6) אין דער אדיעקטיווישער דעקלינאציע: ווארעמער — ווארעמען, טרייער — טרייען א. א. וו.;

7) אינעם אָפּטן סובאָרדינירטן בינדוואָרט ווען;

8) אין דער פארשפרייטסטער צייטוואָרט-פאָרמע געווען.

**פונ:**

די סאמע פארשפרייטסטע פרעפאָזיציע אין יידיש. דאָסזעלבע איז מיט דער פרעפאָזיציע אין.

**גע:**

איבערהויפּט אלס פרעפיקס אינעם פארטיציפּ און פארטיציפּישע אויסבילדונגען (צ. ב. אדיעקטיוון). מיר באגעגענען אים אויך אין סובסטאנטיוו־בילדנדיקן פרעפיקס אין די ווערטער פונעם טיפּ: געדאנק, געדריי, געלאָף, געזאנג א. א.

**אר:**

גייט אריין אלס באשטאנד-טייל אין די פאָלגנדיקע פרעפיקסן און פרעפאָזיציעס: פאר, פארביי, אראָפּ, אריין, ארויס, ארויף, ארום, ארונטער, אריבער א. א. וו. ווידער באמערקן מיר אים אין די אדיעקטיוון און אין אדווערבן, וואָס זיינען געבילדעט מיטן סופיקס באר: גאנגבאר, קויפבאר, דרוקבאר, א. אז. וו.

**אונ:**

אלס א בינדוואָרט, וואָס ווערט אין אן אומגעהייערער צאָל באנוצט. אויסער דעם האָבן מיר אים אין דער פרעפאָזיציע: אונטער און אין די פראָנאָמענס: אונדז, אונדזער.

מע קען ווייזן מיט אייניקע ביישפּילן, ווי אזוי דעם זעצער וועט אויסקומען באנוצן זיך מיט די דאָזיקע לאָגאָטיפּן. ווען אין טעקסט טרעפט זיך אזא וואָרט ווי:

פּ-אר-ער־גע־ר-ונג — איז אָנשטאָט אויסציִען די האנט אין פעכעלע צו נעמען יעדן בוכשטאב באזונדער, און מאכן דערביי 11 באוועגונגען, איז דורך לאָגאָטיפּן מאכט עס דורך דער זעצער אינגאנצן מיט 6 באוועגונגען. אזוי אויך:

| | | |
|---|---|---|
| אונ-ד-ז-ער | — אָנשטאָט 7 | — 4 |
| ענ-דער-ונג | — „ 8 | — 3 |
| דער-פּ-אר-ונג | — „ 9 | — 4 |

פארשטייט, זיך אז ביישפּילן קאָן מען ברענגען זייער פיל. יעדער זאץ וועט זיין אָנגעפּיקעוועט מיט לאָגאָטיפּן.

באם איינפירן די לאָגאָטיפּן וועט דעם זעצער אויסקומען די ערשטע צייט ארבעטן ניט אזוי מעכאניש, ווי פריער. ער וועט שוין ניט האָבן צו טאָן דורכויס מיט באזונדערע בוכשטאבן, נאָר אין א גרויסער מאָס מיט קלאנגען־קאָמבינאציעס. ווידער, וועט אים אויסקומען עטוואָס א טראכט טאָן, ווי לוינט בעסער צו קאָמבינירן דאָס וואָרט, ווי לעמאָשל: וו-ע-גע-נ-עה, אָדער וו-ע-ג-ענ-ער, נאָר

דאָס וועט זײַן בלויז פון אָנהייב, מיט דער צײַט וועט די ארבעט, נאטירלעך, אווטאָמאטיזירט ווערן, ווי ביז דעם אײַנפירן די לאָגאָטיפּן.

צוזאמען מיטן אײַנפירן די לאָגאָטיפּן וועט אויך מוזן אויסקומען פארגרע־סערן די קאסע מיט 10 פעכעלעך. און דאָ שטעלט זיך פאָלגנדיקע פראגע: צי די דאָזיקע פארגרעסערונג פון דער קאסע וועט ווירקן אף דער שנעלקײַט פון דער ארבעט, צי ניט? עס קען דאָך אויסדוכטן, אז מיט דעם, וואָס מיר וועלן אײַנשפּאָרן באוועגונגען דורכן אײַנפירן די לאָגאָטיפּן, וועלן דערפאר אָבער די באוועגונגען גופע פארלאנגזאמט ווערן, וואָרעם די קאסע פארגרעסערט זיך, עס וועט אויסקומען אויסציִען די האנט לענגער, מיט דעם וועט זיך שוין פארהאלטן דעם טעמפּ פון דעם זעצן גופע, און די גאנצע ראציאָנאליזאציע וועט צו גאָרנישט ברענגען?

קעדיי צו ענטפערן אף דער פראגע, דארף מען א קוק טאָן אף דער ייִדי־שער זאץ-קאסע. די ייִדישע זאץ-קאסע איז פון אלעמאָל א פיל קלענערע פון דער רוסישער, דײַטישער, פּוילישער א. ד. גל. דער ייִדישער אלעפבייז פאר־מאָגט ווייניקער בוכשטאבן אָון עס פעלן אויך די גרויסהאנטיקע. די רוסישע, דײַטשישע זאץ־קאסעס האָבן אין זיך 111 פעכעלעך. די פּוילישע נאָך מער. די אלטע ייִדישע קאסע האָט פארמאָגט בלויז 54 פעכעלעך. מיטן אראָפּנעמען די ענד־בוכשטאבן, איז זי געוואָרן קלענער נאָך אף פינף פעכעלעך. מיטן ארײַנפירן דעם צענדליק לאָגאָטיפּן וועט די גרייס פון דער קאסע אזוי אומ־באדײַטנדיק ענדערן זיך, אז דאָס וועט ניט פארשווערן און ניט פארלאנגזא־מערן דעם טעמפּ פון דעם זעצן. פארקערט, דעם זעצער וועט זײַן גרינגער אָנעמען א גרעבערן לאָגאָטיפּ, ווי דעם איינצלנעם דינעם „י״, „ו״, און אנד.

די סטאלין-דרוקערײַ אין מינסק האָט באשטימט דערווײַל אײַנפירן פינף לאָגאָטיפּן אפן אָרט פון די אָרויסגעוואָרפענע ענד־בוכשטאבן. מע האָט אויס־געקליבן אזעלכע ווי: ונ, ער, גע, די, ינ. זיי זײַנען ארויסגענומען געוואָרן פון דער אויבן אָנגעוויזענער טאבעלע לאָגאָטיפּן. מיט זיי איז דאָ נאָך א גרע־סערע מעגלעכקײַט צו מאכן ביז גאָר פארשיידענע קאָמבינאציעס:

ונ:

אין אלע פאלן, ווו עס דארף זײַן אונ, פונ און ונג. אויסער דעם קען מען אים ארײַנשטעלן אין אלע ווערטער, ווו עס איז נאָר דאָ די קאָמבינאציעס ונ (מונדלעך, צונג, הונדערט א. אז. וו.).

ער:

עס קומען דאָ צו די אלע קאָמבינאציעס פון דער.

ינ:

דאָ קומט די קאָמבינאציע ניט נאָר אין אָנהייב וואָרט, נאָר עס איז שוין דאָ א מעגלעכקײַט ארײַנצושטעלן דעם לאָגאָטיפּ אויך אינמיטן און אין סאָף וואָרט (קינד, בינדן, דינ, זינ, ווינ א. א. וו.

* * *

פרוּוון אײַנצופירן לאָגאָטיפּן אין דער זאץ-קאסע זײַנען שוין געווען אין פארשיידענע שפּראכן. איך רעכן דאָ ניט ארײַן די ליגאטורן, וועלכע מע האָט נאָך באנוצט בא גוטנבערגן. זיי פארהיטן זיך אפילע איצטער אויך—אין דײַטש

און פראנצויזיש, ווי Æ, Œ, און אנדערע. צו זיי געהערן אויך דער צונויפגע-
וואָקסענער בוכשטאב „אל" אין אלטע ייִדישע ספאָרים. די דאָזיקע ליגאטורן
האָבן געהאט דעם ציל צו פארגרינגערן דער זעצער אין אויסשליסן די שורע-
צוליב דעם צוועק האָבן אויך געדינט די ברייט צעצויגענע בוכשטאבן—
א, ל, ח, ם, ת.

עס איז באוווסט, אז נאָך אין 1725־טן יאָר האָט דער ענגלישער גראווי'אָר
ווילדים געגרייט לאָגאָטיפּן צו זעצן. אין א צײַט שפּעטער, אין 1889־טן יאָר,
האָט מען אין פּאריזש אף דער אלוועלטלעכער אויסשטעלונג דעמאָנסטרירט
א קאסע, וואָס האָט אנטהאלטן 780 לאָגאָטיפּן. דער ווינער דרוקער לעאָפּאָלד
ווייס האָט אײַנגעאָרדנט א קאסע פון 1248 פּעכלעך. ניט געקוקט אף דעם,
וואָס די קאסעס פלעגן אָנעמען מיירעדיקע גרייסן, איז פונדעסטוועגן דאָס זעצן
אף אזעלכע קאסעס געגאנגען פיל שנעלער ווי אף א געוויינטלעכער קאסע.
אין 1883-טן יאָר איז אָרגאניזירט געוואָרן א קאָנקורס, אף וועלכן מע האָט
באוויזן אויסצוזעצן אף אזא קאסע בא 3500 בוכשטאבן קאָרפּוס אין א שעָ.
איידער מע האָט אײַנגעפירט דעם לינאָטיפּ (זאץ-מאשין), האָט מען אויך גענוצט
לאָגאָטיפּן-קאסעס אין דער ענגלישער צײַטונג „טײַמס". די צאָל לאָגאָטיפּן האָבן
דאָרטן דערגרייכט בא 600 און, ווי מע דערציילט, האָט דאָס פארשנעלערט
דאָס זעצן אף 50%. דעריקער שווערקײַטן זײַנען געווען אין פאנאנדערוואַרפן
דעם זאץ צוריק אין די פּעכלעך. דאָך האָט עס געלוינט: מע איז אײַנגעגאנ־
גען אפילע אף דעם, אז די אויסגענוצטע שריפט זאָל מען גאָר ניט אומקערן
צוריק אין קאסע, נאָר ארײַנוואַרפן עס גלײַך אין קעסל ארײַן, קעדיי אויסצו-
גיסן פון זיי נײַע בוכשטאבן, לאָגאָטיפּן.

די דאָזיקע אלע פּרווון האָבן זיך ברייט ניט פארשפּרייט. דאָס קען מען
דערקלערן מיט דעם, וואָס מע האָט גענומען שאפן לאָגאָטיפּן אָן קיין שום
אויסרעכענונג און אין א צו גרויסער מאָס. זיי זײַנען געמאכט געוואָרן אָן קיין
שום טעאָרעטישער באזע. דער דרוקער האָט זיי געשאפן פון דער הוילער
פּראקטיק, ער האָט אָבער געגוי ניט געוווסט, וועלכע קלאנגען-קאָמבינאציעס
כאזערן זיך איבער אמערסטן און וועלכע ווייניקער. די שפּראך-פאָרשונג האָט
דאָס אים אויך ניט געגעבן. דעריבער איז עס געקומען פון א מאקסימאלן
אויסנוצן די קלאנגען-קאָמבינאציעס פאר לאָגאָטיפּן צו א רעאקציע קעגן זיי,
ביז אינגאנצן אָפּוואַרפן זיי. די לינגוואָטעכניק איז געשטאנען אָנאזײַט. ווידער,
מיטן באווײַזן זיך פון דעם לינאָטיפּ, האָט מען אינגאנצן געוואָרפן צו ראציאָ־
נאליזירן די זאץ־קאסע. מע האָט געטראכט, פריִער צי שפּעטער, וועט מען
פון דעם דאָזיקן שלאק (זאץ-קאסע) פּאָטער ווערן און איר אָרט וועט פארנע-
מען די מאשין. עס איז דורכגעגאנגען א צײַט, און די זאץ-קאסע ווערט ניט
ארויסגעשטופּט, זי פארנעמט א וויכטיקן אָרט אין אלע דרוקערײַען ביז הײַנטיקן
טאָג, דעריבער איז די לאָגאָטיפּן־פראגע א גאנץ אקטועלע און זי ווערט ארויס-
גערוקט אין פארשיידענע ערטער. איינער א ראזיאנער זעצער האָט פאָרגע־
שלאָגן די לעצטע יאָרן אין א פּאָליגראפישן זשורנאל אזא פּראָיעקט פון לאָ-
גאָטיפּן פאר דער רוסישער קאסע: מע זאָל נעמען אויסגיסן יעדער קאָנסאָנאנט
מיט אלע וואָקאלן, צ. בש.: бе, бо, би, бу, ба און אז. וו. א. וו. פארשטייט
זיך, די רעדאקציע האָט אָפּגעוואָרפן אזא פּראָיעקט און זי האָט אופגעוויזן, אז
עס איז אומעגלעך צו שאפן אזא מוירעדיקע צאָל לאָגאָטיפּן. אגעוו האָט ז'

אַנגעוויזן, אַז מע דאַרף פריִער אויסלערנען די אַספּעקטן פון די קלאַנגען־קאָמ־
בינאַציעס און אויף דעם גרונט ערשט שאַפן לאַגאַטיפּן, אי דאָס — ניט אין אַ גרוי־
סער צאָל. זי האָט עס פאַרגעלייגט דורכפירן דעם (Научн. Н. С. О.
(стенографическое общество) און ערשט נאָכדעם צוגעבן ניט מער פון
20—25 פעכעלעך צו דער איצטיקער קאַסע פאַר לאַגאַטיפּן.

און ווירקלעך, אין די ערטער, ווו מע האָט איינגעפירט לאַגאַטיפּן ניט אין
גאַר אַ גרויסער צאָל, האָט עס געגעבן אויסגעצייכנטע רעזולטאַטן. אין
1900־טן יאָר האָט ווידעראַנדערס (מינכען) געבילדעט אײנגאַנצן 20 לאַגאַטיפּן
די דאָזיקע לאַגאַטיפּן האָט ער אַריינגעלייגט אין דער זעלבער קאַסע, נאָר ער
האָט פאַרשמעלערט די פעכעלעך גופא. די אַרבעט איז פאַרשנעלערט געוואָרן —
באַם זעצן מיט פאַנאַנדערערוואַרפן — אויף 25%. אין פּעטערבורג האָט אין
1905־טן יאָר דער דרוקער דרעסען אויסגעאַרבעט אַ לאַגאַטיפּן־קאַסע. ער האָט
צוגעגעבן 24 פעכעלעך. די דאָזיקע קאַסע, ווי ער גיט אַליין איבער, האָט
פאַרגיכערט דאָס זעצן אויף 40%.

איניקע לאַגאַטיפּן זיינען זייער שטאַרק איינגעבירגערט אין אַלע דייטשישע
קאַסעס ווי st, ll, ch, si, א. אנד.

לאַגאַטיפּן דאַרפן איינגעפירט ווערן ניט נאָר אין דער זאַץ־קאַסע, עס איז
מעגלעך אַריינצופירן זיי אויך אין לינאָטיפּ, ווייל דער לינאָטיפּ־מאַגאַזין אין
יידיש פאַרמאָגט זייער פיל פּוסטע ערטער, וועלכע מע קאָן אָנפילן מיט
לאַגאַטיפּן.

האָבנדיק די אויבן אָנגעוויזענע טאַבעלע פון די בוכשטאַבן וועט זיך איצ־
טער פאַרגרינגערן די לאַגע מיט שאַפן אַ קאַסע פאַר דעם יידישן דרוק־זאַץ.
עס זיינען געווען פאַרשיידענע פּרוּוון פון אַזאַ אַרבעט. אָבער די אַלע פּראָיעקטן
זיינען טעאָרעטיש ניט באַגרינדעט געווען און דערפאַר זיינען זיי אַלע ניט
אויסגעהאַלטן. יעדער זעצער־צעך האָט געשאַפן אַ קאַסע מיט אַן אייגענעם
פאַרנאַנדערלייג לויט זיין אייגענער פּראַקטיק. מע וועט איצט קאָנען אפילע
אין די אַלטע קאַסעס צעלייגן די בוכשטאַבן אַזוי, אַז די מער גאַנגבאַרע זאָלן
זיך געפינען נעענטער צום זעצער.

ווי מיר זעען, האָט די דאָזיקע אויסציילונג מיט זיך מיטגעבראַכט פאַרשיי־
דענע פּראַגעס וועגן מיטהעלפן צו ראַציאָנאַליזירן, סיי דעם פּראָצעס פון זעצן
סיי דעם לינאָטיפּ און די זאַץ־קאַסע. זייער אַ גרויסן ווערט האָט די דאָזיקע
אויסציילונג פאַר דער יידישער סטענאָגראַפיע. נאָר וועגן דעם וועט אויסקומען
צו ריידן אין אַן אַנדער אָרט.

די אויספירן, וועלכע זיינען דאָ געמאַכט געוואָרן, זיינען ריכטיקע, ווייל דער
מאַטעריאַל, וואָס כ'האָב גענומען, איז פון אַ פאַרשיידנאַרטיקן טעקסט. ווידער
זעען מיר, אַז די אויבן אָנגעוויזענע לאַגאַטיפּן זיינען די מער גאַנגבאַרע און
די ווייטערדיקע אויסציילונג וועט נאָך מער באַשטעטיקן די נייטיקייט פון דעם
אָדער יענעם לאַגאַטיפּ. אַ באַווייז, אַז מע קאָן שוין מאַכן גרינטלעכע אויספירן, קאָן
פאַר אונדז דינען די אויסציילונג, וואָס עס האָט געמאַכט הילדענבראַנד און

וואָס איז קימאַט ווי צונויפגעפאַלן מיט די רעזולטאַטן פון דער אויסצייילונג, וואָס עס האָט דורכגעפירט דער פּאַליגראַף־דירעקטאַראַט.

איך נעם דאָ די מינימאַלסטע צאָל לאַגאַטיפּן און ווײַז אָן, אז סײַ אין דער אויסציילונג האָבן זיי זיך ארויסגעוויזן פאַר מער נוצבאַרע און סײַ די געזעצן פון דער ייִדישער גראַמאַטיק האָבן באַוויזן, אז זיי זײַנען די אָפּטסטע, וואָס כאַזערן זיך איבער אין פאַרשיידענע שפּראַכלעכע קאָמבינאַציעס. איך בין זיכער, אז ווען מע זאָל נאָר אײַנפירן דעם ערשטן צענדליק לאַגאַטיפּן אין דער זאַץ־קאַסע, וועט עס פולקום באַרעכטיקן אונדזער געדאַנק און מע וועט נאָך צוטרעטן נעמען ווײַטער פון דער אויבן געבראַכטער טאַבעלע.

די לאַגאַטיפּן־פראַגע איז זייער א וויכטיקע זאַך אין דעם ייִדישן זאַץ און מען דאַרף עס זען דורכפירן אין לעבן.

# אינהאלט

זײַט



---


Друкарня Беларускае Акадэміі Навук. Няміга, 7.

Галоўлітбел № В—61. Заказ № 944. Тыр. 800 экз. 6 арк.